בער גרין

# בלומען אונטער שניי

אַרויסגעגעבן דורך:
דאַון-טאַון „איקאָר"
און
פאַרלאַג „סיגנאַל" ביים „פראָלעטפען"
ניו-יאָרק, 1939

## לידער מײַנע

לידער מײַנע — קינדער מײַנע —
װעלן גײן אין װײַטער װעלט.
בױם — אין גאָרטן, זײַנע פּרוכט — צו די שטעט.
לידער מײַנע װעלן פֿאַרהיטן מײַן זײַבער אױף דער ערד.
אין לידער מײַנע —
פֿרישע בליטן פֿון אײַער לעבן
צעצװיטעטע אין מײַן בלוט —
צײַטיקט זיך פּרוכט פֿון מײַן זײַן־און־זײַן.
לידער מײַנע װעלן מיך פֿאַרזעצן —
אין אײַך,
אין אײַער בלוט — געדאַנק — ריטם.
לידער מײַנע װעלן גײן צוריק צו װעלט —
אין איר פֿאַרפֿלאַנצן מײַנע בענקשאַפֿטן,
אַז נײַע פּרוכט זאָלן אױפֿגײן.

## דורך מיר

דורך מיר װײנען הונגעריקע קינדער,
און דװירעס פֿאַרפּײַניקטע אין יאָך פֿון לאַסטװאַגן.

דורך מיר רעװען מײַנע טעג,
װי אָקסן אין צאַפּל פֿון שכיטע, —
טעמפּע באָרכלען פֿון גסיסע.

דורך מיר בענקען פֿאַרהונגערטע באָכורים און מױדן
נאָך זײערע דװירעס ניט־געבױרענע, ניט־פֿאַרפֿלאַנצטע.
דורך מיר יאָמערן פֿאַרברעכער, מעשוגאָאים און זױנעס.
דורך מיר קלאָגט דאָס מענטשן־ברוכװאַרג.
דורך מיר שרײַט אַ האָרדע צעבונטעװעטע קנעכט.

דורך מיר צאָרענען די עלנטע,
װאָס אין הײמלאָזע נעכט טוליען זײ ליב צו שטומען שטײן.
דורך מיר שרײַט דער פּײַן פֿון אַ פֿאָלק,
װאָס װערט געיאָגט און פֿאַרפֿאָלגט.

## צום שוואַרצן שניט

מיין לעבן כ'וועל פאַרגיסן
אויף שוואַרץ־גרויער ערד
צו דערהאַלטן דעם פלאַקער
פון הייליקן קאַמף —
פאַר ליכטיקער וועלט.

שניטער, שניטער:
מיין לעבן יונג אָבער רייף
וועט זיך שניידן מיט זאַפטיקער פרייד —
פאַר אַ ליכטיקער וועלט.

## פאַראַן אַ ליד

פאַראַן לידער, וואָס גרילצן מיט הייזעריקע טרומייטן
און לידער, וואָס פינקלען ווי שימל אויף קווייטן;
פאַראַן לידער, וואָס מעסטן מיט ווערסטן זייער לענג
און בלייבן קאַלט און הויל און שטום און ענג.
פאַראַן לידער, וואָס וויקלען זיך אין טאַלייסים,
און שמעקן מיט טויט ווי לעבעדיקע מייסים.
אויך אויף אונזער גאַס פאַרבייט מען נאָך
האָריזאָנטן אויף מאַנזשעטן
און לעבעדיקע מענטשן —
אויף מאַריאָנעטן.
אויך אויף אונזער גאַס פוצט מען נאָך לידער אין פאַפירענע
בלומען
און מען טונקט זיי ווי אויסגעברענטע פאַרפומען.

איך וויל זינגען אַ ליד
פון אַ וועלט, וואָס שוימט און ברויזט
מיט פייער און מיט פראָסט, מיט פאָן און מיט פויסט.
איך וויל זינגען אַ ליד
פון שטורעם איבער טיף, איבער לענג, איבער ברייט,
אַ ליד — אַ שאַרפע, ליכטיקע האַק
איבער האַנט, וואָס שפּריזט נויט,
אַ ליד צעגליט מיט פייער פון אונזער גרויסן טאָג,
אַ ליד מיט ערשטמאַאיקן צוויט און אָקטאָבערשער וואָג.

# דער הונגער־טויט

ער גייט אַרום, דער הונגער־טויט, איבער מיין זאַטן לאַנד
מיט אַ בליאַסקעדיקן מעסער אין זיין ביינערדיקער האַנט.
ער קוילעט ביי מיינע שכנים די קינדער אין די וויגן
און וואַרפט אַלטע לייט צעבראָכענע, ווי עוויקשאַן־מעבל
פון די שטיגן.
ער גייט אַרום איבער מיין פּראַצע־געסל פון שטוב צו שטוב
און גראָבט, ווי אַ בייזער קאַברען, אַ פרישן גרוב — אַ פרישן
גרוב.
אויף שוועלן און טירן צייכנט ער זיין נאָמען מיט פאַרבן
שוואַרץ ווי ס׳פּאָנעם פון מיינע שכנים, פּאַרוויאַנעט צום
שטאַרבן.

אָבער אַף שאַרף פון מאָרד־מעסער איז דאָ אַ בליק, וואָס צינדט —
אַ בייזקייט, וואָס ריטשעט ווי פאַרוואונדעטע הינט.
דאָס בלוט, וואָס שרייט אין מיין געסל אויפן שטיין,
ווערט ווי אַ ווילדפייער צום פרעסן פליש און ביין.
קוקן מיינע שכנים אויף די טויטע קינדער, אויף די טויטע
טאַטעס —
ברענט אַ שטורעם־ווינט צו ברעכן טירן, ברעכן גראַטעס.
וואָס איז העכער פון געוויין, און פון טרויער וואָס איז גרעסער?
ס׳איז מיינע שכנים׳ס צאָרן שאַרפער ווי אַ מעסער.

ער גייט אַרום, דער הונגער־טויט, דער באַלעבאָס פון לאַנד,
מיט טויזנט מאָרדן אַ טאָג אין זיין ביינערדיקער האַנט.
אויף שוועלן און טירן צייכנט ער טרונעס און שאַרבנס,
איז פינצטער ס׳פּאָנעם פון מיינע שכנים, מיט דאַלעס אין די
קאַרבן.
נאָר ווי ביי אַ כאַיע פאַרן פאַרצוקן זיינען זיינע טריט געהיט
אַצינד,
און פאַרשאַרפט איז זיין געהער צו געוואַי פון שטורעמווינט.
וואו איז דער בלינדער פּאַכעד אין די געסלעך פון נויט?
וואו איז דער שטומער געיאָמער פון טויט?
מיט לייב־און־לעבן געגן טויט גייען געסלעך פאַרגעסענע,
מיט צאָרן שאַרפן, שאַרפער ווי אַ מעסער.

אויגוסט 1933

## זעקסטער מערץ 1930

אין העלן בליאַסק גליען־אויף די עמפּאַיר־טורעמס.
גאַסן וואַכן־אויף, גאַסן טרינקען זון.
יוניאָן־סקווער — פּאַרטאַיעט אין דער זון.
אָ־אָ, עס יאָגן אוראַגאַנען — הייסע שטורעמס!

טראַמפּ. טראָט. טראַמפּ. טראָט.
קאָלאָנען. באַטאַליאָנען.
מאַכנעס — פון ראָד און נאָט.
רוישן
רויטע
פאָנען.

קאָזאַקן אויף פערד. פּאָליציי.
מאַשין־ביקסן אויף דעכער.
ווייסע גוואַרדיע. רויטע אַרמיי.
העי, די פאָנען העכער, העכער!

האָט זיך סקווער צערעוועט מיט טויזנטער געשרייען,
האָבן מיר צעפּאָכעט ווי סאַבליעס פייערדיקע
אונזערע הונגער־אָנגעשאַרפטע פויסטן.
האָבן הייזער געגאַפט אויף די שטאָלענע רייען,
און צעשראָקן געשטומט האָבן פּאַלאַץ און קלויסטער.

טראַמפּ. טראָט!
טופּען־אָפּ אין סוינע׳ס קאָפּ די טריט
פון אָנקומענדיקע באָלשעוויקעס.
עכאָ׳ט אָפּ אין סוינע׳ס קאָפּ אונזער ליד —
פון הונגעריקע לייבער און הונגעריקע פּיקעס.

איז שוואַרץ דער סקווער און העל־צעשטראַלט:
זיינען הונדערט־טויזנט זונען אויפגעגאַנגען אין הונדערט־טויזנט
קעפּ.
האָט הונגער גרויע טפּיסעדיקע מאַכנעס היינט צעפּראַלט
צו שרייען איבער פענימער און פענצטער מיט שטיינערדיקע
קלעפּ. ..

שרייען מיר. הונדערט טויזנט שרייען,
און דריקן אייערע לעבנס אין פויסטן פאַרשלאָסענע:
„מיר וועלן זיך באַפרייען! באַפרייען!
מיר שווערן
ביי אונזערע העלדן צעשאָסענע!"

שרייען מיר. הונדערט טויזנט שרייען,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו רויט־צעבליטע מאַיען,
און פון פעניטער הארטע ווייעט אַ שטאָלענע קראַפט:
ה ו נ ג ע ר,
און אין אויגן: הונגעריקע קינדער — הונגער — הונגער.

וואַקסן כוואַליעס — וועלן אַזש ביז רויטקרעמל דערשלאָגן,
וואַקסן הונגעריקע מאַכנעס מיט צעשטורעמטע בלוטן.
שאַלן סיגנאַלן, קאָזאַקן יאָגן —
פאַרצאַמען די יאַמען פון צעשטורעמטע בלוטן.

ווערן אויגן — מעסערס. פייער. הונגער.
הונגער שאַרף ווי שווערד.
העי, צעהוליעט זיך, אונזערע וויסטע טעג, ווי פייערדיקע יונגען,
אַז פליען זאָלן באַלד קאָזאַקן פון די פערד.

און רייען גייען. פאָנען פלאַקערן און וויען.
הונדערט טויזנט פלאַמעדיקע פאָנען.
זיינען מיר איין פאָן. מיליאָנען פאָנען.

האָט זיך סקווער צערעוועט: ברויט אָדער טויט!
האָט סוינע'ס לעבן און געווער געציטערט אין צעטומלטע הענט:
אין אויגן — פייער פון הונגעריקע מעסערס העל־צעברענט,
צעבליצט, ווי העק, איז הונגעריקער צאָרן: שאַרף און רויט.

צעשראָקענע לויפן קאָזאַקן פון דונערדיקן קאָל,
ציטערט די זון אין פאָליצייאישן שטאָל.
העי, יאַטן, העכער די פלאַקאַטן איבער סוינע'ס זשאַווער,
הויב דיין האַנט, דיין ליכטיקע האַנט, מיין בראַווער כאַווער.

און פלוצים: ס'פייפן סירענעס, ס'וואָיעט פאָליציי,
ס'האָט זיך טויט צערעוועט, שטאָל — צעקלונגען,
איז גאַנצער סקווער — איין געשריי,
און ס'טריפט דאָס בלוט פון רויטע יונגען.

איך ווידערקאָל: ליד פון טריט. רויט־אַרמייאישע טריט.
ליד פון שניט. אונזער רויטער שניט.
אין כאַיעשן געוואָי — געשריי פון טויט,
נאָר שטאַרקער נאָך פון טויט — איז רויט.

שטייען מויערן צעמעסערטע פון שאַרפע רייד,
ליגן גאַסן מיט בלוט פאַרזייט,
אין פלאַקאַטן געוויקלט;
אויף צעפליקטע פאָנען ברענען די טריט —
ווי אויף יונגן צווייט פון פרילינגדיקע בונטן,
ווי אויף יונגן, יונגן צווייט.

איז אויסגעקריצט דער רויטער טאָג
מיט צייכנס פון פאָדקאָוועס
אויף ווייסער־שוואַרצער פּאָנעם־הויט,
ווי אַ שוואַרצע געשריבן שוואַרץ אויף רויט:
ביזן טויט פאַר אייער פאָן — אונזער פאָן,
עלאַ מעי, סטיוו קאַטאָוועס.

גייען געזונטע אויסגעדאַרטע יונגען —
האַרט און בייז,
שטאַרט דער הונגער פון מאַנטל־פאַלבן —
שטום און הייס.

העי, סוינע, ס'איז רויטער טאָג —
אַ גלאָק
פון רויטע, ברומענדיקע טעג...
העי, סוינע, עס צעוואַקסן זיך די מאַרטן ווי די מירטן,
און רויט־באַצירטע
וועלן מיר נאָך קומען, קומען, קומען...

# האָלצהעקער

זיי הויבן די העק, שאַרפֿע און בלאַנקע,
מיט קראַפֿט און ריטם און שוואונג,
זיי הויבן די העק אויף דוירעסדיקע וועלדער,
זיי זיינען שטאַרק און דרייסט און יונג.

ווייט־ווייט איבער גרינער רו פֿון וואַלד
קלינגט ס'מעטאַלענע ליד פֿון די שאַרפֿע העק,
קלינגט אימפּעט פֿון אייגענע שטאָלענע לייבער,
עכאָט־אָפּ דער ריזן־קרעכץ מיט לעצטער שרעק.

זיי האָבן פֿייער אין זייערע הענט,
אַ פֿייער, וואָס בלענדט און העלט;
מיט זייער פֿייער צעפֿינקלען זיי דעם וואַלד,
און צינדן־אָן העל און רויט די גאַנצע וועלט...

# אַרבעטלאָז

דער וועק־זייגער שטייט.
זשאַווערט.
מיט יעדן טאָג ווערט גאַרטל מער פאַרצויגן
אַרום בויך.
ענגער, ענגער.
די ביינער וויאַנען.
סטאַרטשען אַרויס פון מאַלבושים
ווי אין טאַכריכים.
די שיך צעלעכערט.
די גאַסן לעכערן דעם קאָפּ.
דרייען זיך.
דרייען זיך.
דרייען זיך אַרום שמאָלן שאָטן.
דער טומל אויף די גאַסן — מעשוגאַס.
פאַרטומלט, צעטומלט.
די שטומע מויערן פאַלן אַראָפּ
מיט קאַלטן שטיין,
מיט האַרטן אייזן.
גאַסן־באַנען פאָרן אין די געדערים.
גאַסן טאַנצן אַרום קאָפּ.
טאַנצן שוואַרץ, גרין, רויט.
מיט שפּיזן אין די אויגן.
אָבער אָט: הונגעריקע שטיבער צעשרייען זיך.
הונגעריקע מאַכנעס. פאָנען. מאַרשירן.
די פיס ווערן גרינגער.
מיר גייען אָפּנעמען אונזער ברויט.
מיר גייען אַוועק אין הונגער־מאַרש...

אָקטאָבער 26, 1930

# הונגעריק

כ׳גיי אַרום אַ הונגעריקער
אין אַ זאַטן לאַנד.
מיין הונגער שרייט אויף דער וועלט
ווי אַ סטאַדע וועלף.
כ׳עס־אויף מיינע לעצטע זאַפטן
ווי ווייסער בער — זיין פעטס אין ווינטער.
מיין פּאָנעם ווערט בלייך און געלייטערט:
הונגער האָט שוין אויסגעלעקט
זיין לעצטן טראָפּן בלוט.
אַרום מיר: הונגעריקע פּענימער. האַלבע לעוואָנעס.
אין מיינע בליקן: ברויטן, ברויטן.
הונגעריקע עפּענען די שפּייכלער.
כ׳פליסטער אַ רוף פון אַ הונגעריקן,
היים ווי אַ פּריש־אָפּגעבאַקן קאָרן־ברויט:
הונגעריקע ברידער, ס׳איז דאָך אייערס —
דאָס ברויט פון ערד.

הונגעריקע עפּענען די שפּייכלער.
כ׳גיי אַרום אַ געזעטיקטער
אין אַ הונגעריקן לאַנד.

דעצעמבער 1930

## לענין

ניט קיין שוואַרצע ליכט איצט ברענען
אויף זיין יאָרצייט, —
גאַנצע לענדער ברענען
מיט פייער־פלאַם פון כאַוועך לענין.
ל ע נ י ן —
ס'זיינען גלעקער איצט סירענען,
וואָס שרייען־אויס איבער אַלע לענדער —
לענין!

ס'ברענען עטיאָפּיע, כינע און מאַדריד,
ס'ברענען גאַסן פון האַוואַנע און בערלין
אונטער לענינ'ס טריט, —
ניטאָ קיין ליכט העלליכער און שענער
צום יאָרצייט פון כאַוועך לענין.

פון דזשאָרדזשיא ביז נאַנטשאַנג
פלאַטערט נעגער־האַנט צו קולי־האַנט;
ס'האָט זיין קאָפּ הולי היינט געשטעלט
אויף שאַרף פון ראַנד;
ס'איז פון קולי־בלוט די יאַנגטזע רויט
און אויף וואַסערן פון גאַנג
שווימט אַרום דער טויט.
זינגען יאַנגטזע־כוואַליעס אין פאַליעס פון גאַנג
מיט אַ רויט געזאַנג
און שטראָמען שוועסטערדיק צוזאַמען
צו לענין־לאַנד.

ס'זענען אויפגעגאַן וואונדער העלע
אויף קירגיזן, קאַלמיקן, באַשקירן —
זיינען טריט פון נאַצמינען הייסע און שנעלע
צו לענינשע שוועלן,
צו פייער פון פירער.

ברענט לענין־ליכט אין בלוט פון מיליאָנען,
און זיין נאָמען העלט אויף פאָנעם פון וועלט,
די ראָד אין שטאָט און פעלד
אין שטאָט און פעלד
און צינדט
אויף ווייטסטע דערפלעך פייער־פאָנען.

ל ע נ י ן —
ס'האָט הייסער אָטעם פון אָקטאָבער
שוואַרצע ליכט פאַרלאָשן, —
דורעם נאָך דורעם וועלן ברענען
מיט פייער־פלאַם פון כאַוער לענין!

# מאָרים ווינטשעווסקי

געשריבן צו זיין 75־יאָריקן יובילײ

זיידע טייערער, יונג און פראָסט
וויל איך צו דיר ריידן :
ס'איז פאַר אונז אַ הייסער רוף
דאָס וואָרט פון יונגן זיידן.

זיידע טייערער, יונג און פריי
קלינגען דיינע יאָר,
מיט קאַמף און וואָר
אין שטאָלצן דאָר,
וואָס שפאַנט מיט ליכטיקע טריט
צום לאַנד
פון דיינע טרוימען און דיין ליד.

זיידע טייערער, אונזער פיאָנער,
מיר הויבן הויך דיין וואָרט,
דיין רויט געווער.
ס'האָט אויפגעשיינט אויף ווייסן קאָפ
דאָס גרויסע ליכט — סאָוועטן,
און ס'קלינגט דיין ליד אין ליד
פון פראָלעט־פאָעטן.

זיידע טייערער, שווער און דאָרנדיק
איז געווען דיין גאַנג —
איצט גייט־אויף מיט פרייד און זיג
דיין יונג געזאַנג ;

אויף דיינע וועגן גייען מאַכנעס,
גייען אין דער שלאַכט ;
כאַווײרים פון פאַבריקן און פון שאַכטעס
צינדן מיט די פאַקלען
לעצטע, לעצטע נאַכט.

זיידע טייערער, ס'אַ גרויסער יאָנטעוו
אין טיפֿן שנײ מיט ביקס צו וואַכן אויף די פֿראָנטן,
ס'אַ יאָנטעוו — צו דערשפּאַנען
פֿון האַסקאָלע ביז סאָוועטן
און מיט אייניקלעך צו לויפֿן
אין די סאָצגעוועטן.

זיידע טייערער, ס'וועט די כּאָן פֿון דיינע טעג
ווי די זון באַלויכטן אונזער וועג,
ס'וועלן יאָרן דיינע העלפֿן
בויען באַריקאַדעס,
ס'וועלן יאָרן דיינע לויפֿן
אין די שלאָג־בריגאַדעס!

# כּאַוועך טאָנדערוואָים

(„כ׳בין שטאָלץ אויף דעם, וואָס מיין ראַסע איז
איצט באַרייכערט געוואָרן מיט נאָך הונדערט
פופציק מיליאָן רויטע״ — פונעם אינדיאַנישן
„טשיף״ טאָנדערוואָיסעס רעדע אויף דער קאָמוניס־
טישער סטעיט־קאָנווענשאָן אין קענעקטעדי, 1930)

כ׳דריק פיבערדיק דיין האַנט, מיין רויטער כּאַוועך,
און כ׳באַגריס דיך, דו שאַרפער טאָמאַהאַק פון רויטן שייווענט,
און כ׳באַגריס די רויטע זון, וואָס האָט געבליצט אין דיינע רייד,
דיינע רייד, — ווי שאַרפע העק, וואָס ווייסן ניט פון זשאַווער.

ס׳האָט פון דיינע רייד געקאַפּעט דיין אָנגעגליטער האַס,
ווי ס׳קאַפּען די ליכטיקייטן פון דיין שאַרפער האַק,
וואָס טראָגסט דערוויל אין דיין בלוט באַהאַלטן;
ס׳האָט אָט־דער האַס געטריבן דיינע זיידעס צו מילכאָמע־שטעגן,
זיי געטריבן סוינע׳ס קעפּ צו שפּאַלטן.

ס׳וועט אָט־דער ליכטיקער האַס פירן אונז צו העלע וואונדער:
דורך וואָיענדיקע טעג און נעכט צו הייסע שלאַכטן,
אונטער איין רויטער פאָן קעגן אַלע שאַרבן־שינדער, —
באַגריס איך איצט די רויטע קריג־שיין פון דיינע פּאָנעם־פאַרבן
און דיין טאָמאַהאַק, וואָס צילט מיט פרייד דעם סוינע׳ס
שאַרבנס.

## מאַיאיקע פאָנען

מיר זיינען אַרויס אויף די גאַסן —
פון שאַפּ, זאַוואָד און פאַבריק,
מיר שניידן־דורך די גאַסן
מיט זון, מיט געזאַנג און מיט זיג.

פאָראויס, פאָראויס אין פלאַטער אין פריידיקן די פאָנען.
פאָראויס — עס שטראַלט דער מאָרגן אויף אונזער פּנים.
טראָט־נאָך־טראָט, טראָט־נאָך־טראט —
אונזערע איז היינט די שטאָט.

אונזערער — דער הימל,
אונזערע — די ערד,
אונזער ווילן — אַ פלאַמיקע שווערד.

העי, מאַרש פאָראויס, מיינע ברידער —
שטיקער פרילינג אויף די סקווערן,
זיג אין די טריט, לידער אין די גלידער, —
עס פירט די פּאַרטיי, עס פירט דער קאָמינטערן.

פון קעלערס, פון כורוועס, פון קאַנורעס
שטראָמט און שאַלט, שטראָמט און שאַלט
כוואַליע נאָך כוואַליע, כוואַליע נאָך כוואַליע —
און לעבן זאָל פּאַרטיי, און לעבן זאָל סטאַלין.

פון יאָר צו יאָר עס ווערן רויטער די פאָנען
פון אונזער בלוט.
העכער די פאָנען, פאָראויס באַטאַליאָנען —
פון מאַי צום אָקטאָבער איז אונזער מאַרשרוט.

העי, ברידער פון די קעלערס,
שוועסטער פון די כורוועס —
וואָס קאָן זיין נאָך רייפער, העלער,
ווי זיג פון נאַקעט און פון באָרוועס?

טראָגן מיר שטאָלץ די פאָנען איבער קעפּ
און שטיקער זון אויף לאַצן,

און ס'הערט מיט פריידיקן ציטער
דער איסט־ריווער,
און מיט גליווער
הערט דער האָדסאָן
אונזער געזאַנג פון סאָוועטישן דניעפּ
און פון כאַווער סערפּ־האַמער אין אָקטאָבערשע פּאַלאַצן.

פּאָראויס, מיינע שוועסטער! שפּיל, אָרקעסטער, שפּיל!
צעפּרילינגט מיר האָבן היינט די סקווערן.
„איין אַרמיי, איין פּאָן, איין באַלדיקער ציל" —
האָט ענגעלס געזאָגט, האָט ענגעלס געלערנט.

פּאָנען — פּלאַטער, פּאָנען — פיבער, פּאָנען — פייער. פּאָנען...
מיר זיינען דאָ און דאָרט און אומעטום. מיליאָנען אויף מיליאָנען.
פּאָנען? ניט קיין פּאָנען — שטראַלן געשיכטע
פון העלדן העלע, פון העלדן ליכטיקע.

פּאָראויס — די פּאַרטיי. באַטאַליאָנען נאָך באַטאַליאָנען.
מיר שפּאַנען.
הילכן טראָמבאָנען, שאַלן טרומייטן, פּויקן באַראַבאַנען:
„שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן" — — — —
שטייען מויערן, שטייפע און שטאָלצע, שטומען און גאַפן...

טראָט־נאָך־טראָט, טראָט־נאָך־טראָט —
עס שפּאַנט פאַבריק, עס שפּאַנט זאַוואָד.
עס שפּאַנט די שווערע מאַזאָליקע מי —
מאַאיקע מי — אין רויט און אין גרין, אין קווייט און אין בלוי.
טראָט־נאָך־טראָט — פאַבריק נאָך זאַוואָד.
שפּיל, אָרקעסטער, שפּיל:
פון רעדער־געדודער, פון מאַשינען־געבריל.

און אָט — אַ מאַכנע. קריג־וועטעראַנען:
פון שלאַכטפעלד רוּיכיקן — סקעלעטן
שפּאַנען, שפּאַנען, שפּאַנען.

עס טופּען מאַיאיקע טריט אויף גאַסיקן צעמענט.
עס גייען מוטערס פאַרמאַטערטע מיט שוואַכע קינדער
אויף הענט.
עס גייען היימלאָזע אינגלעך און מיידלעך — אָפּקלאַנג פון
אַמעריקע'ס שטעגן און וועגן.

עס גייען די צעוואַלגערטע אויף שטיינערנע געלעגערס.
עס גייען הונגעריקע יונגען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט.
עס טופּען מאַאיקע טריט אויף גאַסיקן צעמענט.
קאָלאָנען נאָך קאָלאָנען —
„אַי־על־די" אויף די פאָנען.
דאָ גייען סקאַטסבאָראָ און סאַקראַמענטאָ ;
מוני און מעקנאַמאַראַ.

קלינגען קייטן און עס שטאַרן
יאָרן פאַרגראַטעטע דורך וואונדיקע קאַרבן.
און פון טליעס אויף בוימער עס דראָען
נעגערשע קערפּערס מיט לעכער אין שאַרבנס.

רוישן פאָנען. רוישן שטראָמען :
סאַלוט, סאָוועט ! סאַלוט, אונזער העלע וואָר !
סאַלוט ! דיין פרוכט צעפרילינגט אונזער יעדע בייט —
מיט לייב־און־לעבן פאַר דיין לעבן
מיר זיינען גרייט,
מיר זיינען גרייט.

רוישן פאָנען, רוישן שטראָמען.
עס שפּראָצט דער אָקטאָבער פון מאַיאיקע זאָמען.
מיר האָבן גאַסן און סקווערן היינט צעכוואַליעט —
און לעבן זאָל פּאַרטיי, און לעבן זאָל סטאַלין !

# דער לענין־מאָנומענט

ניט קיין פּעדעסטאַל פון שטיין —
ס'איז אונזער אייגענער געביין,
אונזער לעבן, אונזער געווער —
גרייט צו יעדן שטורעם.

דאָס זיינען מיר דער מאָנומענט,
מיר — די לענין־קינדער,
אויפן וועג צו לענין־וואונדער
די ערשטע אין די רייען —
דורך סוינע'ס גראַטעס, דורך טויטע ווענט,
דורך שיקערע העק און בלוטיקע פאַרזייען.

ס'גייט־אויף אין אונזער בלוט זיין נאָמען
און פירט אונז אויף אַלע פראָנטן;
מיט אונז אין בויאונג און אין מילכאָמע —
דורך גרויסן אינדערוואָכן צום גרויסן יאָנטעוו.

## סאַנדינאָ — און זיינע ערלעכע יאָר

פון אַלע פויגל דער פרייסטער איז דער אָדלער,
פון אַלע ניקאַראַגוער דער פרייסטער איז סאַנדינאָ.
יאָגן זיך, ווי קראָען־מאַכנעס, קוילן טויטלעכע
נאָך זיין אָדלער־קאָפּ דעם בוינעם, —
פלינקער נאָך פון קוילן איז סאַנדינאָ.

אויף קודלאַטע בלויע בערג רייטן ווילדע וויכערס:
רייט סאַנדינאָ מיט זיינע בראַווע יונגען.
טשופּרינעס צעלאָזטע ווי די בוימער־קעפּ,
צאָרן אין די אויגן ווי שווערדן־בליאַסק.
הודיען שטאַרקער פוינע'ס שטאָלענע פויגלען,
ברענט די ערד אונטער די פיס פון פערד
מיט האַס אין קריגערישע גריוועס.

מיט די ווינטן איבער בערג און טייכן
יאָגט דער שוואַרצער ווייסטער טויט —
קאָן סאַנדינאָ'ן ניט דעריאָגן:
ליב זיינען סאַנדינאָ'ן די בערג פון ניקאַראַגואַ,
שלייפט ער מיט זיין ליבשאַפט די שווערד פון האַס:
ליבטיקער פון אַלע טעכטער איז אים די זון פון ניקאַראַגואַ,
קאָן זי פוינע פון סאַנדינאָ'ן ניט פאַנגען, ניט פאַריאָגן.

פאַר די פעלזן־שפּיצן און וועלדער־קעפּ קלינגען ליב סאַנדינאָ'ס לידער —

ווייסע פאַסטעך־לידער דורך שטילער פלייט,
רויטע שלאַכטן־לידער דורך הייסער ביקס, —
הערט סאַנדינאָ: שטילע אַקאָרדן פון זיין לעצטן נאָר זיגערישן ליד,

זעט סאַנדינאָ: ניקאַראַגואַ'ס זון, ווי אַ געליבטע, נידערט
שיין און ריטמיש אויף די בערג;
זעט סאַנדינאָ: ביי די קעפּ פון בערג ליגט זיין פאַרלאָשן־
אויפגעלויכטן לייב — — — —

## גאַסטאָניע

מיט אַ רויטן פלאַם צינדט גאַסטאָניע די שוואַרצע סאַוט,
מיט אַ פייערדיקער שריפט לויכט גאַסטאָניע אין אונזער בוך
„אַמעריקע".
ס'פלאַטערן, ווי הייליקע פאָנען, די בלעטער
„העימאַרקעט טראַגעדיע",
ס'הענגען נאָך איבער קאָפּ פון באָסטאָן די געשפּענסטער
„סאַקאָ־וואַנזעטי",
ס'אָטעמט היים אונזער לאַנד מיט בלוט און מיט שלאַכט, —
און אין דער סאַוט, דער סטאַטעטשנער, האָט זיך רויט צעברענט:
גאַסטאָניע!
האָבן זיך ריכטער אין שוואַרצע מאַנטלען פאַרהילט,
האָבן זיי זיך באַוואָפנט מיט טויט אין אַלע שוואַרצע פאַלדן.
טרוימען שוואַרצע מאַנטלען: אינקוויזיציע. שייטער־הויפנס.
פופצן לעבנס ברענען.
זיצט די שוואַרצע סאַוט אויפן ריכטער־שטול,
און אַ דונערדיקע שטים, אַזש פון באָסטאָן ביז גאַסטאָניע,
וואַרפט די שטול:
„סאַקאָ און וואַנזעטי לעבן.
סאַקאָ און וואַנזעטי שטורעמען די סאַוט.
היט זיך, ריכטער, פאַר אונזער פייערדיקן מישפּעט!"

אויגוסט 1929

## ערשטער מאַי

אונזער ערשטער מאַי מיט הונגער און מיט צוויט —
ס'ציטערט אונזער סוינע פאַר דיינע יונגע טריט.

ערשטער מאַי ליכטיקט איבער אונז ווי אַ רויטער שטערן —
אונזערע שלאַכט־לידער בליען אויף אַלע סקווערן.

ס'בליען אין אונז אַליין די ערשטע מאַיען —
מיר זיינען געקומען אַ גאַנצע וועלט באַפרייען.

ערשטער מאַי — ס'פלאַטערט אונזער בלוט אין דיין רויטער פאָן,
ס'בליט אויף גאַסן אונזער בלוט ווי רייפער מאָן.

אָ, רויטע, מיר זיינען דאָך אַליין דער ערשטער מאַי —
מיר מאַרשירן פאָראויס קעגן רעגנס פון טויט און פון בליי.

מאַי 1931

# העלדן

ווער האָט גאַסן אויפגעברויזט,
שטאָט און דאָרף מיט שטורעם צעבורעט?
ווער האָט פרייהייט איבער קעפּ, ווי פאָנען, צעוויקלט,
היים בלוט אויף שטיינער צעגאָסן פאַר הונגעריקע הינט?

פון געסל און דערפל, פון מאָלדאַוואַנקע און פּאָדאָל
דונערן זייערע זיכערע טריט —
אַלע ברעגעס פאַרגאָסן,
אַלע טאָלן און בערג מיט שרעקן פאַרפּלייצט.

יאָגן וויכערדיקע מאַכנעס אימפּעטיקע,
פעניִמער האַרטע ווי בראָנז און פון צאָרן צעגליטע.
היינט וועלן זיך צעקלינגען הונגעריקע שווערדן.
היינט וועלן שווערדן הונגעריקע אַ סודע פראַוועןן.
היינט וועלן יונגען באָרוועסע, אין צעוואָונדעטע זעק געהילטע,
אויסרעוועןן דוירעסדיקן צאָרן דורך הייסן בליי,
מיט האַס באַלאָדענע, פון האַס דערהויבענע,
וועלן יונגען זינגען ס'ליד פון רעוואָלט.

אין די געסלעך, אין די דערפלעך —
האָבן לעבנס יונגע זיך געצאַפּלט אין פּעטליע,
האָבן לעבנס יונגע זיך געלייטערט אין פייער פון ראַנגל.

פלאַמען קנאַלן. לעבנס פאַלן.
העי, כאַווייערים, מיט לעבנס צעפלאַקערט די שלאַכט!
לעבנס פאַלן — מיט ליכטיקע געזאַנגען פון האַס און זיג.
העי, רויט צעוויקלט די פאָן, כאַווייערים, נאָמענלאָזע העלדן!

1928

## סטרייק פון קוילנגרעבער

עס יאָגן זיך אַריין שפּיציקע געשרייען
אין פּוסטע אונטערערדישע קאָרידאָרן
און האַקן שטומע ווענט מיט צעברענטן צאָרן.
מיט וואַכטעס אַרום די שאַכטעס
זיינען פול די שטזיביקע שטייניקע שטעגן —
צעברענען זיך הייסע, גליאיקע געשלעגן.
אין טויבע גריבער בלאָנדזשען טויטע קלאַנגען
פון שאַרפע העק און שווערע מאַזשיקע הענט,
צעהוידעט אויף שוואַרצע טוכלע ווענט.

איצט יאָגן אַרום די קלאַנגען פון העק אויף וועגן,
איצט צעוויגן זיך העק געגן ווענט פון פּאָליציי,
איצט צעברומט זיך קויליקע ערד מיט געשריי.
סטאַרטשען קוילן, ווי אָפּגעהאַקטע קעפּ, בלוטיקע און רויטע,
יאָגן געשרייען, יאָגן ווינטן אין בלינדער הויל,
יאָגן מיינער שוואַרץ און האַרט ווי קויל.
יאָגן מיינער, לעמפּלעך אויף די קעפּ —
שוואַרץ דער צאָרן, ליכטיק דער וועג,
לעמפּלעך וואַרפן ליכט, לעמפּלעך וואַרפן שרעק.
מיט רויטע פינגער האָט הונגער
געצייכנט : „קאַמף !" אויף קויליקע פלאַכטעס —
בלוט אויף שטויב, אויף קויל, אַרום שאַכטעס.
„קאַמף !" האָבן קויליקע קערפּערס געצייכנט אויף וועגן.

# אין שיין פון סרייפע

אויב ווערטער, שפראך, טאָ גיב מיר מעכטיקע ווערטער,
וואָס זאָלן די גלייכגילטיקע אויפרייסן פון די ערטער.
גיב מיר ווערטער, וואָס זאָלן וויינען,
ווי דאָס פאַרגאָסענע בלוט אויף בערלינער שטיינער.
גיב מיר ווערטער פול מיט וויי,
ווי דער קרעכץ פון טאַטעס און זיפץ פון מאַמעס,
ווי דעם יאָסעמ׳ס פיין און אַלמאָנע׳ס געשריי.

טרייסל־אויף זיך, ערד, אויף דיין פונדאַמענט
און זע: ברידער מיינע, שוועסטער מיינע — געשענדט.
פון עק וועלט צו עק וועלט צערעווע זיך, מיין וואָרט,
און ווייז דער וועלט איר שאַנד: די מאַכט פון מאָרד.

בלוט־שיקער איז דעם סוינע׳ס שווערד.
עס וויינען שילער, געטע, היינע אויף דער דייטשישער ערד.
איך הער זייער רוף: „אָ, לאַנד, דו שכיטע־לאַנד,
שטיי־אויף, וויש־אָפּ דיין שאַנד!"

וואָרט מיינס!
צעצינד דיין האַס צו די צינדער,
ווי אַ שוואַרצן וואָלקן צעטראָג מיין קלאָלע צו די שינדער.

צום ווייטיק פון מיין פאָלק כ׳לייג־צו מיין אויער,
האַרץ מיינס — פון ברעג צו ברעג אין טרויער...

נאָר כ׳ווייס: פאַראַן אַ טרייסט —
פון פלאַם און כורבן וועט אויפשטיין דער גרויסער גייסט.
ס׳איז דאָס וואָרט פון נאָווי ניט אָפּגעמעקט,
פאַרגיין וועלן די טעג פון וויי און שרעק.
עס וועט קומען טאָג פון רעכענונג,
עס וועט זיך טאָן אַ הויב אַ האַנט
און צאָלן: פאַר אַלע פאַרפייניקטע און פאַרשוועכטע,
פאַר אַלע טרערן, פאַר יעדן שפּאָט און שאַנד.
עס וועט אויפשטיין דער צאָרן־גייסט פון שטויב
און צאָלן. איך גלויב אין פאָלק. איך גלויב.

פאָלק, דו ביזט אומשטערבלעך!
ווען דיין סוינע וועט ליגן טויט און וויסט,
אין אַ הויפן מיסט,
אין אַ באַרג צעשטויבטע שערבלעך,
וועט דיין לעבן בליען גרין און וואונדערלעך.

# עס רייפט אַ ליד אין שווייגן

איך נעם ווידער מיין פּען אין האַנט
און טונק זי איין אין גאַל און בראַנד,
אַז שטעכן זאָל זי טיף און שאַרף
און צינדן זאָל זי וואו מען דאַרף.

ווי עס רייפט די פרוכט
אין זאַפט
פון גרינע, בליענדיקע צווייגן,
אַזוי רייפט אַ ליד
אין האַפט
פון טיפן גליענדיקן שווייגן.

איצט צי איך אַרויס דעם קנויט
פון מיין בליצנדיקן לאָמפּ
און טונק־איין די פּען

אין נאַפט
פון פלאַמענדיקן האַס,
און כ׳שפּאַן־איין מיין נייע קראַפט
פאַרן היינט און מאָרגן פון מיין קלאַס.

## עס ווערט אַ וואָרט

עס וועלן קומען טעג —
און עס וועט זיין מיין וואָרט
געליטערט און געקלאָרט,
אַ קראַפט, וואָס שאַפט,
און דרינגט אַריין אין דעם, וואָס ס'איז געוואָרן,
אין דעם, וואָס ווערט,
אין דעם, וואָס וועט ווערן, —
אַ וואָרט, וואָס וואָרצלט טיף אין ערד
און הויבט זיך אויף צו די הימלשע ספערן.

עס וועט קומען דאָס וואָרט—
אין ליכט פון גייסט געשליפן,
העל און קלאָר,
ווי די וואָרע וואָר, —
אַ קוואַל פון די נעשאָמע־טיפן.
זיין וועט דאָס וואָרט
דין און טיף, פול און געשאַרפט,
אַ געזאַנג פון האַרץ,
אַ פלאַטערדיקע פליט און אַן עאָלישע האַרף.
זיין וועט דאָס וואָרט
געשמאַק און פריש,
ווי קאָרן־ברויט צום טיש.

איך ווייס, אַז הוילער גלאַנץ בליאַסקעט־אָפּ און פאַרשווינדט
ווי כאָלעם און רויך, ווי וואָלקן און ווינט.
איך וויל, אַז וואָרט מיינס זאָל ניט פאַרוויאַנען, ניט פאַרגיין,
אַז ס'זאָל פון מיין האַרצן צום האַרץ פון פאָלק דערגיין.
אַז ס'זאָל וואָרט מיינס זיין לעבנספול און דרייסט
און מיטן פאָלק ס'זאָל הייליקן דעם בונד פון פלייש און גייסט.

איך ווייס : פאַראַנען זיינען ווערטער — געבוירענע שערבלעך ;
פאַראַן ווערטער, וואָס לעבן מיטן קויעך פון שרייען.
פאַראַן ווערטער, וואָס בליצן־אויף און ווערן שטערבלעך,
ווי זומער־פייגעלעך אַרום לאָמפּן־פייער.

איך וויל, אַז מיין וואָרט,
ווען אַפילו אונטער שטויב פון יאָרן
ס'וועט זיין פאַרבאָרגן,
זאָל עס לויכטן ווי די וואָר
פאַרן ווייטן מאָרגן.
איך זע אַ טרוים:
אַ וואָרט אַ בוים,
מיט פרוכט און מיט צוויט,
מיט בלי און גרין און פייגל־ליד.

איך וויל אַ וואָרט — טאַט און געוואורע,
אַ וואָרט אָן מוירע פאַר די בייזסטע שטורעמס.
איך וויל אַ וואָרט, וואָס זאָל אַקערן און זייען
און געבן טרייסט און ליכט,
אַז מיינע ברידער זאָלן עס ליב האָבן און פאַרשטיין.

איך הער אַ וואָרט,
וואָס שעפט פון מיזרעך און מאַירעוו, פון נעכטן און היינט;
עס שטראַלט אין וואָר און אין שיינקייט עס שיינט.
קיין יאָרן וועלן עס ניט פאַרמעקן,
קיין שטורעמס וועלן עס ניט דערשרעקן.

עס וועלן קומען טעג —
און וואָרט מיינס, צעגליט אין פלאַמען פון צייט,
דורכגעציטערט אין בלוט און בייַן,
דורכגעליטן אין פיין פון נאָענט און פון ווייט,
ריין און רייף אין בלי פון יאָרן,
וועט ווי אַ פעניקס פון פייער אַ שיינ־טאָג ניי־געבאָרן.
עס וועט זיין אַ וואָרט,
וואָס לייטערט און קלאָרט.

עס ווערט אַ וואָרט.

## ניו-יאָרק

ניו־יאָרק —
זאַמל־פּונקט פון וועלטן!
כ׳אָטעם דיין אָטעם.
מיין האַרץ קלאַפּט מיט דיין פּולס.
כ׳רעד דיין פּילשפּראַכיקע שפּראַך —
שפּראַך פון אַרבעט.

דו —
וועלט׳ס מעטראָפּאָליע!
דיין קאָל —
פאַרביקסטע, קלאַנגיקסטע סימפאָניע.
דיין געזאַנג:
א י י ן טפילע פון פעלקער גייט־אויף דורך דיר
מיט אַ לויב צו:
לעבן.
מענטש.

ניו־יאָרק — קאָלעקטיוו.
יעכידים־שמעלצער.
פאַרברידערער.
פאַרגאַנצער.

דיין אָטעם —
שטאָל, גראַניט, מענטשן־יאַם.
ריזן־קויעך.
דיין פּולס —
וועלטישע האַמערן אויף וועלטישער קאָוואַדלע.

ניו־יאָרק —
כ׳ווער באַפליגלט מיט דיין גרויסן פלינקן טעמפּאָ.
כ׳וואַקס מיט דיין הימלקראַצער,
און מיט מיינע ג ר ו י ס ע ברידער — די אַרבעטער,
וואָס בויען.

ניו־יאָרק —
דיינע וואונדער וואַקסן פאַר מיינע אויגן.
ביזט מיר שטיפמאַמיש־פרעמד און העמד־נאָענט.
זיינען דאָך דיינע טורעמס און בריקן —
ליכטיקע ווערק פון מיינע ברידער די בויער.

דיינע פּאַלאַצן און פאַבריקן —
זייערע טעג. זונען. לידער.
ווייל ווי דיכטער זינגען זיי —
מיט פּאַלאַצן און פאַבריקן.
און מיט טורעמס דאָר־האַפּלאָגעדיקע, וואָס טראָגן אויף קעפּ
און שטעכן מיט שפּיצן
די דערנידעריקטע בלאָע הימלען.

מיין ליד צו דיר, ניו־יאָרק.
וויל איך — ביזטו אַ לעגענדע.
מיינע ברידער — די העלדן און די וואונדער־שאַפער.
דיינע טעג — זונען אָנגעצונדענע פון מיינע ברידער,
זון־צינדער.
דיינע נעכט — עלעקטרישע לעוואָנעס
פון מיינע ברידער׳ס ליכטיקע פינגער
אויסגעטרוימטע.

## פון דער אַרבעט

מאַסן. פּלייצן. געדראַנג.
יאָנטעוו אויף פּאָנעם. געזאַנג.
שערענגעס. מאַרשירן. פאָראויס.
כוואַליעס פרייד אויף גאַסן. געברויז.

גאַסן לויפן־מיט. צעפּראַלטע.
מענטשן. קלאַנגען. באַניטע. צעשטראַלטע.
אַלע איין מאַכנע. פאַרנאַכטיק.
האַרט. פאַרבראָנזט. נאָכשלאַכטיק.

טאָג. בלוט. פאַרגאָסן.
מידקייט אונטער פיס. צעפּלאָסן.
אַהיים. מאָרגנדיק. יונג.
קאַמף־בלוט באַנייען. שוואונג.

## שאַפּ-מײדלעך

קערט אונז אום אונזער שײנקײט!

די הימלען אין אױגן װײנען פֿאַרװאָלקנטע.
די בלומען אױף פּאָנעם
און דאָס געזאַנג אױף ליפּן —
פֿאַרװיאַנעט.

מיט ליכט און זאַפֿט פֿון בײנער אונזערע
אײערע טעכטער און זין באַצירט.
זײער שײנקײט —
אונזער טרער, אונזער עלנט, אונזער בלוט.

קערט אונז אום אונזער שײנקײט!

## אין סאָבװײ

שטײען אַ פּאָר פֿיס.
גלאַנציק, פֿלײשיק, שלאַנק.

װי געפּוצטע טאַנדעט־שטיװל
אױפֿן יאַריד.
שרײען:
פֿיס! פֿיס צום פֿאַרקױפֿן!

אױגן.
גלעטן זיך אַרױף אױף פֿיס.
צערײסן זיך הײטלען פֿון כאַלױמעס ניט־דערכאָלעמטע
פֿון אױגן ניט־אױסגעשלאָפֿענע,
כאַלױמעס װעגן פֿיס אַזױנע פֿאַרדאַמט־שײנע,
װי אָט־דעם מײדל׳ס.
פֿאַלן כאַלױמעס ליבטיקע צו פֿיס...

## וויג-ליד

מיין קאָפּ אַן אַראָפּגעהאַנגענער,
ווי אונטערגעקאָפּעט פון שטאַם.
יעדער אייווער — מיד.
סאָבוויי איז מיין וויגעלע.
פאַרוויגט מיך מיט אַ ליד.

לו־לו, שלאָף מיין קאָפּ.
קאָפּ הוידעט זיך אַזאַ פרעמדער,
ווי ערגעץ פון אַ שטריק די העמדער.
ס'ליכט איז מאַט און מיד, לו־לו.
וויגט אַ מאַמע אירס אַ קינד ערגעץ־וואו.

צווישן רעדער פון מיין וויגעלע
ציט עמיצער אַ ליד.
ווי דער ווינט אויף עלנטע וועגן.
וועגן פינצטער און בייז.
קומט דעם ווינט אַ בעטלער מיט טאָרבע אַנטקעגן.

כ'האָב ניט קיין מאַמען מיך צו פאַרוויגן.
וועל איך ס'ליד אין טאָרבע לעגן.
קאָפּ מיינער, ווי אַ מעס אויף דער טליע
וועט זיך וויגן, וויגן.
לו־לו, דורך נאַכט דעם מאָרגן אַנטקעגן.

## סאָף טאָג

זיי ציען מאַכנעסווייז אַהיים,
ערנסטע, מיט שטויב פון טאָג אויף פּאָנעם,
שמעקעדיקע, מיט רייעך פון אַרבעט אין לייב.

זיי גליען נאָענט : לייב־צו־לייב,
שווייגענדיקע, מיט בליענדיקן וואָרט אויף ליפּן,
צאָרנדיקע, מיט שטאָליקע הענט ווי ביקסן געהויבענע.

זיי פיבערן ווי אַן אומרואיקער וואַלד,
צעוויגטע מיט שטורעם אין בלוטן,
באַהאָפטענע מיט רייפנדיקן רעוואָלט.

## סאָבוויי

וואַלד.
בוימער הוידען זיך.
קליין ביימל פּלעכט זיך
אין הויכן דעמב.
קנוילן. רינגען. קייט.
לייב און אייזן.
צופּלוס. אָפּפּלוס.
הענט הענגען אויף רימענס און אַקסלען —
געפּלעכט פון צווייגן.

וואַרימקייט.
ווינטן גליען
פון בוים צו בוים.
אַלע ביימער — איין אָטעם.
אין אָטעם — פאַרביטערטקייט און פאַרברידערונג.

בוימער־קעפּ הויבן זיך
איבער זיך אַרויף.
ניט קיין בוימער
וואַלד
וויגט זיך.

וואַלד צעוויגט אַ ווילדן שווייגן.
אינעווייניק, אונטערן שווייגן,
רעוועט.

# אַ פּרילינג אַזאַ

העמדער־און־זאָקן הוידען זיך ביימערמעסיק,
שפּילן זיך אין פרילינג.
זון, אַ מידע פון אַ שווערן טאָג אַרבעט,
זוכט איר שלאָף־העמד;
אויסגעהאָרעוועטע לעוואָנע, הויט־און־ביין, ווייס און בלאַס,
נעמט זיך צו איר נאַכט־אַרבעט —
פון וועלכער זי האָט ניט קיין פּאָר סענט אַפילו אויף קאָסמעטיק
די פלעקן צו פּאַרדעקן.
אָוונט־נעפּל שוויצט אין דושנעם רויך —
רויך פון קוילנגרעבער׳ס טעג —
אַרויף צו די בלאָטיקע הימלען.

לעכאָ דוידי ליקראַס קאַלאָ —
טרייסלט זיך אַ וואַלד מיט בערד דורך מיין פענצטער;
לעכאָ דוידי ליקראַס קאַלאָ —
הוידלט זיך אַ וועלדל גאַטקעס־און־העמדער איבער מיין
פענצטער־קאָפּ.
קום־זשע, קאַלע מיינע, — אומעט צעפרילינגטער,
אין פּאַרק לאָמיר אַנטלויפן!

ביימלעך נאַקעטע און קראַנקע הויבן דאַרע היפטן,
און בלעטער וואַקסן — אויף די בענק.
ריטשקעלעך שוויים און שמינקע
ריזלען אויף רויטע פּענימער
פון דינסטן שווער־מוסיקע אין קינדער־וויגל וואַלד.

פּאָטלעך האָרעווען.
זוכן ביסלעך זילבער אויסצוקוועטשן פון לעוואָנע
און אַ פּאָר סענט פון שטיקלעך גאָלד פון מידער זון.
מאָרגן וועלן הונגעריקע פון די מיסט־קאַנען אַרויסציען
אַ באַנאַנע מיט ווערימלעך און אַ צייטונג מיט גיפט און מיט
גראַמען:

„אַ גאָלדענער פרילינג.
הונגער צי זאַט,
אָן אַ דאַך צי אין אַ פּאַלאַץ —
גליק־און־אומגליק איז אַ צווילינג!"

פּאָטלעך האָרעווען.
און אין קאָפּ — פֿליגן־מוזיק.
און באַפּרישטשעטע שפּאַניער מיט טערענאַדן —
אין הונגעריקן געלויף נאָך מיידלעך.
האָבן זיך בלעכענע זונען און פּאַפּירענע לעוואָנעס
צעקאָקעטעוועט,
איילן יונגעלייטלעך מיט בלעכענע גליק־קעסעלעך
און מיט טיפּע לעפֿל אין הענט,
אויף אָנצושאַרן וואָס־מערער גליק.
צעוויגט זיך אויך אומעט מיינער
אין אַ „זיי־מיט־מיר" געזאַנגל.

אַהיים, פֿאַרקילטע קאַלע מיינע!
הוידלט זיך אַ וועלדל גאַטקעס־און־העמדער איבער מיין
פֿענצטער־קאָפּ.
האָבן זיך מאַן־און־ווייב פֿון שטריק אַראָפּ
אין אַ העפֿקער־טשאַרלסטאָן צעטענצלט.
טרייסלט זיך אַ וואַלד מיט בערד דורך מיין פֿענצטער:
לעכאָ דוידי ליקראַס קאַלאָ!
קלאַפּט אין מיין טיר אַ ברומענדיקער באַס:
רענט... שעריף... אויף צוויי שפּענדלעך...
לעכאָ דוידי ליקראַס קאַלאָ!...

# מאַטראָסן

מאַטראָסן — יונגען געזונטע, מיט האָריקע ברוסטן —
צי װעלן שטילן די יאַמען אייערע גלוסטן, אייערע לוסטן?
ווינטן — ווילדע, כוואַליעס — שטורעמדיקע טורעמס, —
אין מאַטראָסן וואַקסט אַן אומרו, וואַקסן שטורעמס.

מאַטראָסן — מידע פון שטילער וואָכעדיקער ערד
צעוויקלען בענקשאַפטן אויף שטריק און אויף מאַסטן,
זאָל זיין טויט אין די כוואַליעס, אויב טויט איז באַשערט:
דערווייל האָבן כוואַליעס פאַרשלונגען מאַטראָסישע לאַסטן.

שיפן גייען, שיפן קומען, רויכן אין די הויכן —
אַרום־און־אַרום: טאַנצנדיקע וואַסערבערג, זינגענדיקע יאַמען
און לידער מאַטראָסישע, לידער יאַמיקע גיסן זיך צוזאַמען
און כוואַליעס קרעפטיקע, לידער שוימיקע־טעהוימיקע,
הויבן און דערהויבן.

ווינטן וויבערדיקע, שיפן שווימענדיקע, כוואַליעס פליעסקענדיקע,
— מאַטראָסן.
אין די אויגן — בלויע הימלען, גרינע וואַסערן, ווייטע ווייטן,
אין זיקאָרן — רייכעס און קאָלירן פון ראַסן,
רייכעס און קאָלירן פון לענדער און פון צייטן.

צווישן גרינע וואַסערן און בלויע הימלען גייען שיפן, גייען.
אומרו רופט. אומרו וואַנדערט. דורך רעגנס, דורך שנייען.
דורך בלינדע נעכט און בלאָנדע טעג
צו ברעגלאָזיקייט, צו ברעג.

רויכן אין די הויכן. שיפן גייען, שיפן קומען.
צינדן זיך בענקשאַפטן נאָך ווייטן, נאָך האַפנס, נאָך זינגענדיקע
זונען.
זענען בענקשאַפטן מיט די שיפן אין די ערגעצן פאַרשוואונדן.
האָבן מאַטראָסן זייער רו אין די כוואַליעדיקע שטורעמס
געפונען!

יאַם און הימל. שפיגלען צוויי. אינמיטן — אַ וויג.
שטורעם אויף וואַסערן. רו אויף וואַסערן. אומגליק און גליק.

בענקען מאַטראָסן נאָך שטורעם, בענקן נאָך רו —
ווינקען ברעגן גרינע פון ערגעץ־וואו.

בלאָנדזשען בלינדע נעכט, בלאָנדזשען בלודנע שיפן,
וויגן זיך יאַמען, פול מיט הימלען, מיט לידער און מיט טיפן.
זינגט אַ קרעפטיק לעבן דורך כוואַליעס־שוואונגען,
זינגען כוואַליעס קרעפטיקע דורך יאַמען־יונגען.

מאַטראָסן גייען. מאַטראָסן קומען.
יונגען געזונטע מיט אַנקערס אויף הענט.
שטייען שיפן אין די האַפנס און זיי ברומען —
און כוואַליעס צאָרנדיקע שטומען ביי פיס פון ווענט.

וואַרט אַ היים — אויף אַלע ברעגן, אַלע וועגן,
שמייכלען האַפנס שעלמישע צו מאַטראָסן אַנטקעגן,
וואַרטן אין די האַפנס שטיבלעך ווענערישע מיט ווייך־און־ווייב,
יאָגן זיך כוואַליעס מאַטראָסישע נאָך לעבן און נאָך לייב.

ברענגען מאַטראָסן פרישע לענדער, ווייטן ווייטע —
זענען זיי אַליין: גייענדיקע ווייטן מיט קעפ פאַרשייטע.
גייען זיי אַרום: שמעקט מיט שיף, מיט יאַם און געזאַלצענע ווינטן,
מיט ברוינע זונען, פרעמדע לענדער און אינזלען צעגרינטע.

רויכן אין די הויכן, שיפן קומען, שיפן גייען,
לויפן מאַטראָסן זייערע בענקשאַפטן איבער יאַמען פאַרזייען.
מאַטראָסן — יונגען געזונטע מיט האָריקע ברוסטן —
צי וועלן שטילן די יאַמען אייערע גלוסטן, אייערע לוסטן?

## נאָמענלאָזער, רולאָזער ברודער מײַנער

נאָמענלאָזער, רולאָזער ברודער מײַנער,
דײַן גורל — איז מײַן גורל,
גיב מיר דײַן האַנט!
ביידע — אײַנזאַמע, אַרויסגעשטופּטע, אומגליקלעכע,
ביידע — פֿאַרשלאָסענע פֿון לעבן און שײַן, ליבע און וואַרעם.
איך, ווי דו — באַגאַזלט פֿון לופֿט און זון, ברויט און דאַך.
אונטער אונדזערע מאַנטלען, רעלסן, געביידעס, מאַשינען
ווערן מיר ביידע גלײַך באַגראָבן.
זעט ניט די וועלט אונדז, דעם מענטש, דעם שאַפֿער
פֿון די מאַנטלען, רעלסן, געביידעס, מאַשינען.
שפּרייזן מיר אין אונדזערע געציילטע פֿרײַע מינוטן
מיט נאַקעטע געדאַנקען, מיט נאַקעטע צונגען.
שפּרייזן מיר גרויע, שווערע, האַרבסטיקע,
און אין אונזערע הערצער, אונטער די צעפֿליקטע מאַנטלען,
טראָגן מיר פֿרילינגען גרינע, קיינמאָל־ניט־בליאַקנדיקע.
אונטער אונדזער טונקל־גרויער טאָג־טעגלעכקייט —
העל־רויטע יאָנטעוודיקייט.

1924

# הימלקראַצערס

ניט מאָנסטערס זיינען דיינע הימלקראַצערס —
ליכט־לידער זיינען זיי;
ניט שטילקייט־לעכצער זיינען מיר:
דיין פון יאַם־ביז־יאַם געבראַזג איז מוזיק —
פון אונדזער פרייד און וויי.

זיינען מיר אויסגעוואָקסן אין דיין ערד,
צונויפגעשמאָלצן מיט דיין שטאָל,
איז שטאָל אין אונדזערע שטייפע מוסקולן און נערוון,
שטאָל אין אונדזער בלוט און גאַל,
שטאָלן מיר אויס אונדזער שטאָלן־ליד.

סערפּ, גראָבאייזן, אַקער, האַמער שמעלצן זיך אין שווערד.
ס'איז איצט אַ טויע וואָוואויע צייט.
יערט. טומלט. זידט. ברויזט.
כאַאָס שווענגערט.
שווערד ווערט.

קלינגען שווערדן פון אַקער אַרויס,
קלינגען־אויס שטאָלן־ליד אין אונז.
שטאָלן זיך מוסקולן.
שווינגען־קלינגען שווערדן אין די האַמערס.
שמידן מיר אויס אונדזער שטאָלן־ליד.

1926

## קעץ

שטורעם — בייז און שטעכיק,
און קעץ — הימלאָז, ווי מײַנע נעכט.
קיין גלעט פון הענט,
קיין פּים צו טוליען זיך —
שרײַען זיי אין דער נאַכט אַרײַן.

קעץ — ברודנע, בלודנע קעץ,
מיט צעריסענער פעל, מיט גרינעם פייער אין אויגן,
וואָיען ווי בייזע כאַלוימעס
איבער פּלויטן אין בלינדער נאַכט.

פון הונגער פיבערדיקע,
מיט בייכער געשוואָלענע,
נישטערן זיי אין נאַכטיקע קענדלעך,
ווי ברידער מײַנע
אין הונגעריקע טעג.

זומער־נאַכט — פלאַמיק.
אומרו־געבייטשטע,
היים־טייוועגעפּיניקטע,
קוויטשען קראַנקע קעץ זיך איבער.
מיט קלאָלעס און געשרייען
און ווילדן געוויין,
ווי בלוטן מײַנע,
בלוטן מײַנע.

אין שטילע שווייגנדיקע נעכט
וויינען, שעלטן ווילדע שוואַרצע קעץ.

## װעש

אַליין איז מען װײַס.
נאָר מענטשנס לייב קװיטיקט.
היינט איז מען װידער װײַס.
װײַטער — געקװיטיקט צו װערן.

מען הענגט אויף אַ שטריק —
און מען טאַנצט אַ האָפּקע.
טאָמער: לייב, לייב, אומעטיק —
איז איצט אַ מעכאַיע מיטן װינטל.

גאַטיעס מיט לעכער כאַפּן אַריין ס'װינטל,
טאַנצן מיט געשװאָלענע פיס:
אַי, אַי, הוליע קאַפּצן!

אַ פרויען־העמד מיט ריסן אין האַרצן
פרייט זיך אַ באַפרייטס פון פולע בריסטן.

אַ פיצל העמדל פּעסטשעט זיך:
גיט מיר כאַװײַרימלעך צום שפּילן זיך.
טאָמער נאָר אַליין, אַליין.

# צווישן שטאָטישע מויערן

.1

ציין־בייסעניש, נעגל־וואַרגעניש, אויגן־פּרעסעניש,
צונגען־שפּאַרעניש,

ביינער־קראַך, גאָרגלען־זשליאַק,
הענט, פיס, עלנבויגנס, אַקסלען, קניעס — אין געיעג.
אויף גאָלדענער קאַרעטע, נאַ שפּיץ, ריזיק־קיילעכדיק : בויך,
בליציק־שנעל, אין סאַמעט געהילט : בלוט —
קניען אָקסן, ערדזאַפּטן און מענטשנקעפּ — צו בויך,
שטראָמען ווייגען און פרויען — נאָך־ניט־געוואָרענע,
ווערנדיקע און שוין־געוואָרענע.

.2

נעכט — וואויענדיקע וועלף מיט פראָסט אין בייכער —
וואָגלען אין שטאָט־מידבאָריעס מיט מיילער צעעפנטע צום
פאַרצוקן,

וואויען זיי סטאַדנווייז, קערפער־צו־קערפערדיק :
וואו־דו — הוור־ווו —
קאָרטשען זיך זאַטע אין געלעגערס,
שטשירען ציין פון זייערע געלט־געליבטע :
וואו־דו — הוור־ווו —
עפּענען כאַלוימעס טיף־שוואַרצע פּיסקעס צום פאַרצוקן :
וואו־די — הוור־ווו —

.3

בלוטן־געוויין.
שמאַכטן טראַכטן,
ריטשען בסולעס־יאָרן ניט־געזריעטע, ניט־אויפגעגאַנגענע.
פון אַ זעקסטן שטאָק אַראָפּ קלאָגן מיידל־לעבנס,
גערויבטע, געפאַנגענע, פאַרגוואַלדיקטע,
בעטן לעבנס — דערלייזונג,
בלוטן — אויפלייזונג.

1925

## גרויסשטאָט

גאַס — צאַאַרפּולע און שטומע,
ווער האָט דיר צונג אָפּגעשניטן?
און ווען וועט זיך שוין עפענען דיין האַרץ,
וואָס ווערט פון צאַאַר געשניטן און געקרישלט?
ווען צעלאָפּענען וועט זיך דיין האַלדז,
וואָס ווערט פון אויסגעשריי געוואָרגן?

דיין געוויין האָט מיין נעשאָמע געשוידערט, זון.
דיין געוויין אין געפּענגעניש פון רייכע פּאַלאַצן.
האָבן ביינער מיינע ברייטע געוויינט אויף דיין היים־ווייסן
לייב,
וואָס פאַרקויפט איז צו הענדלער פון כוישעך.
זיינען ברידער מיינע ווי סאָוועס אין די מויערן פאַרמויערטע—
זיינען זיי בלינד צו דיין ליכט.

ציין — ווען וועלן זיי שוין צעדרויבלט און צעמאָלן ווערן,
ציין שפּיזיקע פון קאַלטשטיין און הונגער און וועלט־צאַאַר,
וואָס קראַמפּן דיך און דליבען דיינע ביינער שוין,
ברודער מיינער, דיכטער.

איז אַז שאַפן ווילסטו וועלטן, וואָס זשע האָסטו ז י ך
אין וועלט פאַרלוירן?
וועט וואונדיקער גייסט דיינער גויסעסן און פאַרגיין,
ביז וועפּט דיין שטים אין בלוטשטיקער אַרויסשטראָמען,
און צינדן האַרץ און שניידן מויעך,
און פון ביינער — אַרמייען אויפפלאַקערן.

סעדער געצוימטע —
קרעכצן וועלן מויערן פון גופים־שטורעם,
און זיך ברעכן,
וועלן פרוכט פאַלן צו די הונגעריקע,
צו די הונגעריקע . . .

1924

## געפֿאַלן אַ מענטש ביי דער אַרבעט

די וואַרעמקייט פֿון פֿינגער
ציטערט נאָך אויף שויבן
און פֿירט־אַריין די זון אין שטוב
ווי אַ ליכטיק גלויבן.

אין פֿרעמדע פֿענצטער געצונדן זונען
און פֿרישע טעג;
איצט ליגט ער הענט צעשפּרייט
אינמיטן וועג;
ס׳לעשט די זון זיך אין זיינע אויגן
מיט לעצטן רויט,
און ס׳גייט־אויף ווי שקיע אויף שויבן
אַ בלינדער טויט.

קוליען זיך יונגע יאָרן אין רויטע פֿאַרבן.
די זאַפֿטן פֿון לעבן צעגאָסן אויף שטיין —
טריפֿן פֿענצטער אַראָפּ
מיט ליכט און געוויין.

ליגט אויף שטיינער אַ לעבן פֿאַרלאָשן.
אַן אַרבעטער געווען. פֿרעמדע פֿענצטער געוואַשן.
ליכטיקייט פֿון הענט
אויף אויסגעפּוצטע שויבן
וואַרעמט נאָך און בלענדט.

## און אַז ס׳קומט די נאַכט...

.1

וואַרפט זיך אַ קאָפּ־האַקער אין אַנגסטן אויף זיין בעט,
וואָס באַהאַלט אונטער זיך די האַק, וואָס טריפט מיט בלוט,
שרעקן שוואַרצע שאַרפן פון נאַכט־און־האַק, און ער דערזעט:
עס שווימט זיין קאָפּ צווישן קעפּ אין אַ טייך פון בלוט, —
צערעוועט זיך אָקסיש דער הענקער אין דער וויסטער נאַכט,
וויינען די קעפּ געפאַלענע אין דער וויסטער נאַכט,
און אונטערן בעט די האַק — זי טריפט מיט בלוט און לאַכט...

.2

טוליעט זיך אַ „טרעמפּ" צום האַרטן פּאַרענטש פון זיין
בענקל־בעט.
איז כאָרעוו דער פּאַרק און פאַרלאָשן די הימלען, און ער דערזעט:
זיינע יאָרן צעזייט אויף די וועגן,
זיינע יאָרן ווי בייזע הינט האַווקען אים אַנטקעגן,
יאָרן צעטראַמפּלט און פאַרווישט ווי זיינע טריט, —
וויינט זיין לייב שטיל און מיד אויף פאַרשטומטע טריט,
אויף יאָרן צעזייטע, ניט־אויפגעגאַנגענע.

.3

צאַנקט אַ זוינע׳ס לייב צעוואַלגערט אויף לומען בעט,
שטאַרן וואונדן, ווי אָפענע אויגן, מיט בייזן גליווער אין דער
נאַכט אַריין,
שרייט כוישעך ווילד, ווי טויזנט שיקערע קונדן, און זי זעט:
מיידלעך, ווי ביימעלעך, פלאַמיקע, ריינלייביקע, ווערן צייטיק.
זייערע צוויטן, זאַפטן, — פריש און פול, גיסן זיך אַריבער,
ווי אַמאָל אירע פאַרשטאָרבענע יונג־צעבליטע יאָר, —
וויינט זי נאָך איר לייב פאַרוויאַנעטן, לעבן צעזוינעטן,
וויינט דאָס בעטל, כופּע־קוואורע בעטל, אויף איר ווייטיק.

## מיינע זונטיקס און מאָנטיקס

אָ, נאָענטער ניו־יאָרק! געווען טעג —
און דיינע מאָנטיקס, אייזערנע שטאַנגען אויף מיינע אַקסלען,
פלעגן זיך איינקאַרבן מיט זשאַווער אין מיינע יונגע
אימיגראַנטישע ביינער.
און דיינע זונטיקס בלייבע, לײדיקע און פאַרמאַטערטע
פלעגן קומען צו מיין צאַאר מיט צאַאר, ווי קראַנקע קינדער.
זיינען טעג געהאַנגען גראָע איבער מיר
און געשפּרייט וויסטע כמאַרעס אויף מיין זומערדיקן פּאָנעם:
„ניט מער אויפשטיין מיט די טעג!
אָט־אָ־דאָ — צו שאַנד דער וועלט — בלייבן ליגן אינמיטן וועג!"

אַ באַליידיקטער פאַר זיך און מיינע פאַרפייניקטע ברידער,
בין איך אַליין, אַן אַליינינקער, מיט צעשויבערטער נעשאָמע
און צעכראַסטעטן האַרץ,
אַרומגעלאָפן איבער דיינע לאַנגע פּוסטע מענטשנפולע גאַסן,
מיט סאַמיקן שוים פון וויסטן עלנט אויף מיינע אָפּגעבערענטע
ליפּן;
דיינע האַרטע שטיינער־הערצער האָב איך מיין טרויער
פאַרטרויעט,
און אין זיי איינגעטריפּט דעם איעש פון מיינע טעג
דורך דעם ריטם פון מיינע יאָסעמדיקע טריט.
אָ, נאָענטער ניו־יאָרק!
אויף אַלע דיינע גאַסן, דיינע סקווערן —
זיינען געפאַלן מיינע לידער, מיינע טרערן.

און אַצינד, אַצינד —
גייען מיינע מאָנטיקס — גרינגפיסיקער אין שפּאַן:
צום אייביקן און ליכטיקן זון־טאָג.
און מיינע זונטיקס — ווי בליענדיקע אויפגעריכטע מיידלעך,
וואָס ציטערן־אויף צו טריט־מוזיק פון געליבטע.
גייען־אויף אין מיר טעג אַנדערע,
טעג באַהעלטע און באַזעלטע מיט זון־און־זין.
און איך — כ'בין ניט מער אַליין. כ'בין מיליאָנען.
שטראָמען, וואָס פאַרפלייצן דיינע לענגען און ברייטן, ניו־יאָרק.

זיינען מיר ליב־נאָענט דיינע גאַסן —
פינקלען נאָך אויף שטיינער די רויטע פּערל
פון מיינע אויפגעשטאַנענע, שטראָמענדיקע כאַוויירים.
איז מיר ליב־נאָענט דיין גרויסער הייסער שטראָם:
וואָס כוואַליעט פון דיין יוניאָן סקווער אזש ביזן ווייטן פּאַסיפיק.

ניו־יאָרק — דו ריז!
מיט בלוט טריפן די וואונדן טיפע פון דיין לייב־אין־קייטן,
און ד י י ן לייב — איז מיינס, מיינע ברידער׳ס, אונז
אַלעמענס.

# דער דזשעניטאַר ביל

— העי, ביל!
מיסטן,
שטויבן
וואַרטן אויף דיר.

סאַראַ פראָסט.
הייצונג! פּאַרע!

„אַש מיט שטשורעס און פלעשער צעבראָכענע —
טעג מיינע.
קויטיקע טרעפּ מיט פּאַראיפּעשטע דילן—
נעכט מיינע".

— העי, ביל!
דיינע ברידער לאַנג שוין —
טרייבן עלס,
רייבן געפּעס,
פּוצן שיך,
טראָגן קאַסטנס.

העי, ביל, שנעלער!
בייזער האַר וואַרפן וועט פון קעלער.

„קאַלט. קאַלט —
קיין ביסל מונשיין.
ווייב — אַ קראַנקע,
ווי די קאַץ וואָס קלאָגט אין דער נאַכט!"

— העי, דאַרט!
הייצונג! פּאַרע!

## אַ רעדנער

אַ סקווער מיט אַרבעטער וויגט זיך אין צאָרן.
איבער קעפּ פאַלן אַראָפּ האַרטע רייד,
און צינדן רויטער נאָך די פאָנען און די בלוטן.
א שוואַרצע האַנט—הויך אין דער בלויער לופט,
אויפן פאָן פון לויטערע הימלען.
די האַנט שיינט מיט זון, שרייט און פלאַטערט, —
ווי אַ שוואַרצע קלאָלע צו די הימלען,
ווי אַ העלע פאָן איבער שוואַרצע גאַסן:
— לאָמיר זיין געברידערט.
שוואַרצע האַנט,
ווייסע האַנט —
אַ האַנט.
צוזאַמען לאָמיר אויפבלאָזן דעם בראַנד.
האַנט צו האַנט — שטאַרקער. הייסער.
אַרבעט אייניקט,
קאַמף הייליקט
אונדזער פאַרבאַנד.

## מיין ברודער

אָ, נעגער:
איך, דיין ווייסער ברודער,
וואָס בלוטיק אין איין מאַכנע מיט דיר,
האָב דערהערט אין דיין בלוט
דיין אוראַלטן זיידנ׳ס געשריי:
„פרייהייט! הימל! זון! ערד!״
אין דיין דזשעז—ס׳געזאַנג פון דיין ערד,
ביימער־ און ביינער־געקראַך.

אָ, נעגער:
אויך איך האָב ניט קיין ערד.
אויך אין מיין ליד—קייטן־געקלאַנג,
און מיינע טעג שוואַרץ, ווי דו.
און מיינע הענט ווי דיינע—
מיינע אייגענע שטריק;
מיינע הענט, ווי דיינע,
קנעטן ציגל פון פיסעם און ראַמסעס.

# האַרלעם

ערעוו־זונטיק.
שוואַרצע אָרעמס אַרום ווייסע העלדזער.
שוואַרץ און ווייס.
ווייס און שוואַרץ.

דזשעז:
דין, דרין, קלאַנג, באַנג.
שוואַרץ און ווייס — איינס.
לעבן — אַלעמענס מאַמע.
פרייד — אַלעמענס קאַלע.

דרויסן — נאַכט.
טיפע. גרויסע. שוואַרצע,
ווי אַלטע מאַמע — אַפריקע.
שוואַרצע נאַכט — שוואַנגער.
ווייסער מאָרגן — אין איר טראַכט.
ערעוו־מאָרגן.
גלאָק: דין, דרין, בינג, באַנג.
פרייד און באַנג.

# ליכט

אָ, שוואַרצע ברידער מיינע!
ווי דאָס ליכט פון אייערע אויגן,
ווי דאָס ליכט פון אייער שוואַרצקייט,
גייט־אויף דאָס ליכט פון אייער לעבן.
ס׳גייט־אויף.
ס׳גייט־אויף.
און שוואַרצע ברידער־האַנט לויכט־אויף
אַ פרייד אין ווייסן האָרעפּאַשניק.
אָ, שוואַרצע ברידער מיינע,
צינדט־אָן דאָס ליכט פון אייער נאַכט!

# ביינאַכט

זיי גייען אַרום אין דער נאַכט ווי שטיקער כווּשעך:
ס׳האָט נאַכט אָפּגעווישט זייער פּאָנעם.
וואָיעט נאַכט אַ הונגעריקע אין זייערע בלוטן,
ברומען פרעיריס פון זייערע אויפגערייצטע אויגן.
אין קאָפּ גייען־אויף און פאַרגייען יענע זונען און
לעוואָנעס,
ווען ווילדע וויסטע טעג האָבן געשמעקט מיט פליייש
און נעכט האָבן פאַרשיקערט מיט רייעך פון בלוט;
זיינען הונגעריקע געסלעך — וויסטע ווילדערנישן
און ערגעץ אונטער נאַכטישע הימלען לויכט ס׳געזאַנג
פון שטערן
(אונטער שוואַרצער הויט לויכט אַ העל געזאַנג),—
טראַמפּלען שוואַרצע קינדער אין דער נאַכט ווי
שרעקעדיקע פלעקן,
מיט פעלן פון צעריסענעם טאָג צווישן ציין
און מיט ליכטיקע בענקשאַפטן, וואָס שפּילן אין מידע
גלידער;
ברומען זיי רויע שטיקער לידער צו זונען און לעוואָנעס,
צו פרייע ראַכוועסדיקע פרעיריס און פרייע גאַנצע
מענטשן.

# אַנזאָג

איך גיי. איך קום.
מיין נייעם וועג קריץ איך אויס
מיט מיינע פוסטריט.
מיין ניי ליד שאָל איך אויס
דורך מיין בלוט.
מיינע לעצטע „שאַנד־פלעקן” שנייד איך אויס,
שנייד איך אויס,
וואַרף וועלט אין פּאָנעם.
מיין פלייצע געהויבן מיט שטאָלץ,
מיין גייסט דערהויכט מיט האַס,
און שטאָליק איז מיין פויסט.
איך גיי. איך קום.

# מיין געלינטשטער ברודער

ניטאָ מער מיין ברודער.

---

ווי דער אַלטער וויין, וואָס מיר האָבן צעגאָסן
ביים ווייסן לאָרד אין קעלער אין טאָג פון אויפשטאַנד,
שמעקט נאָך אויף די שטיינער דאָס צעגאָסענע בלוט
פון מיין ברודער.
שמעקט, זידט, רופט.

האָב איך ברוינעביינדלעך פון זיין שוואַרצן לייב
אין מיין וואַגאַבונדן־טאָרבע צונויפגעקליבן —
וועל איך זיי אויף פלייצעס מיינע צעקרימטע
מיט מיין אָרעם שטיקל לעבן —
מיין לעבן אין בלאָטיקן קאָטן־פעלד פאַרטאָפּטשעט—
צו מיין רו־פּלאַץ — צו מיין קייווער טראָגן.

אויף אַ בוים וויגן זיך נאָך גלידער לעצטע
מיט טויט אויף דאַרע האַרבסטיקע צווייגן,
ווי ברודער יעזוס—גאָט געפייניקטער—איז אַמאָל
געהאַנגען—
זאָלן זיי הענגען און שרעקן
און צאָרן אין הערצער דערוועקן.

ווייס שטריקל, רויטע פלעקן,
ברוינע צווייגלעך—גלידער פון טויטן בוים—
אויף שוואַרצער ערד פון ווייסע.

ניטאָ מער מיין ברודער.

## נײַ־געזאַנג

ניט פלאַנטאַציע־געזאַנגען פון אַלטער סאוט
מיט האַלעלויעס צו גלאָרי־לאַנד און ווייס־האַר,
ניט קלויסטער־הימנען צו גאָט און זיין זון
פאַר קנעכטישן אויך־מיר־לעבן אויף קאַטן־פעלד,
ניט לעמערשע־פסאַלמען צו ווייסער „מאַמישער" נאָרט
פאַרן כייסעד צו שוואַרצן אין אַרבעט־קאַזעמאַטן,—
אַ נײַ געזאַנג פול בראָנדז און ברויז און שטאָל,
אַ געזאַנג—אַ שווערד צו גאָרער האַרן־וועלט.

און שאַרף און ווייס און בלאַנק
איז דאָס געזאַנג,
און געהייליקט מיט פיין פון אַ ראַסע,
מיט בלוט פון מאַרטירער.
און יעדעס וואָרט—
אַ שאַרפע פייל—
וועט פאַלן אין האַרץ פון וועלט,
און יעדער קלאַנג—
אַ פלאַמען־ליד—
ווייל געזאַנג אונדזערס וועט זיין דאָס געזאַנג פון—
אינטערנאַציאָנאַל.

1926

## אַ מאַרש

אין אונדזער בלוט—אַפריקע׳ס געזאַנג.
אַפריקע, הויב־אויף דיין שטים!
מיט ליד און טאַנץ צום געראַנגל.
ציין־און־נעגלדיק,
ווי אין אַ געווילדער.
מיט געטראַמפּ־און־גערעוו קומט־אָן
די גרויסע מאַכנע.

# טשאַרלסטאָן

פון קאַבאַרעט אין האַרלעם—
צאַפּלט דאָס אַפריקע־געזאַנג.

בריאַזג,
קלאַפּ און פויק.
געדריי,
געשריי און בויג.

בייכער־קאַטשעריי,
היפטן־הוידעריי,
הענט־פליעסקעריי.

טרייסלען זיך גלידער אין פרייד,
טאַנצן אויגן,
גלאַנצן ציינער,
פיס מיט ווענט און בלוט—צום ווילדן טאַקט,
און דיל צום ריטם—
הייס און רויט.

טאַנצט שוואַרצלייב—אַ ווייסע פרייד,
שפרינגען לידער
לייביקע
טייוויקע:
„יעס־סער דעצמאַי בעיבי,
נאָ־סער דאָנסעי מעיבי!״

# די בלאַנקע האַק

געדיכט און האַרט איז די שוואַרצקייט פון אייערע לעבנס,
ווי אַ הענקערס פּעטליע אַרום אַ האַלדז.
ווערט באַשערט זיין, אַז די בלאַנקע האַק
זאָל די ערשטע אויפשווינגען אין אַ שוואַרצער האַנט
אויף טליע און אויף הענקער,—
און בלאַנקע העק וועלן טריפן ליכטיקייט אויף לעבנס.

# דער נעגער לאַכט

מאַמע—אַ הור,
טאַטע—אַ ווייסער—
אַ פּגירע אויף זיי.
גלות פון אַפריקע
מיט בלוט פון דזשאָרדזשיאַ—
ער איז אַך, זי איז וויי.

כ׳בין אַ שיך־פּוצער,
„שאַינעם־אַפּ״, „שאַינעם־אַפּ״—
כ׳רייניק דעם שטויב פון דער וועלט.

כ׳בין אַ געשיר־וואַשער,
וויש־וואַש, וויש־וואַש—
כ׳קריץ אויס מיין בראָנזענע צורע
אין שיסל פון דער וועלט.

אַ פּעטער ווייסער טשיף מיט
זונען אויף שיך
עסט פון וועלט׳ס שיסל.
מיין בראָנזענער געלעכטער קלינגט אַרויס פון שיסל.

## אויגוסט 22, 1927

עס בליען וואַזאָנע־טוליפּן
און שוואַרץ־רויטע רויזן
אין טויטנצעל,
און אויף צוויי וויאַלענדיקע גופים
וואַרט דער טויט ביים שוועל.
זיינען רויטע בלומען—פרישע גרוסן פון בלוטנדיקע פריינט

און דערמאָנען אין דאַנטען דעם זון,
אין לעצטן פאַרגיין און לעצטן היינט.

רויש פון עלעקטרישע מאַשינען אין די אויערן.
שלעסער־ציטער. טריט פון היטער. פולער מיט טהייערן לויערן.
לייגט אַ שווערע האַנט אויף פּאָנעם־פּאַרמעט אַ טויטנשריפט,
בלייבן אויגן הענגען ערגעץ ווייט־ווייט שטיל־פּאַרטיפט:
קינדהייט—באָרוועסע טעג צעוואָקסן מיטן ווייַנשטאָק
און אוילבירט־בוים,
און איטאַליענישע נעכט הענגען־אויס אויף יעדן צווייג אַ טרוים.
פרימאָרגנס צעקלינגען זיך מיט געזאַנג און מיט קאָסע,
און שמעקן מיט גרינער לאָנקע, מיט אַפריקאָסן און מיט ראָסע.
אַמעריקע—רויכיקע טעג אויף שיף געשוואַרצט, אין שטריק געוועבט,
און הייסע נעכט מיט פלאַמיקן וואָרט צו מידע אַרבעטערישע קעפּ.
און אַט: שטומער אומעט פון גראַטעס טרינקט בלוט פון פּאָנעם, פון הענט,
און זיבן יאָר, טאָג־ביי־טאָג, אַז הענקער מאָרדעט לעבנס צווישן טויטע ווענט.
שלעסער־ציטער. שוואַרצע היטער. אָ, הימלען, ברידער, ראָזעטאַ!
אַש. אַש. פייערדיקע זיילן: סאַקאָ און וואַנזעטי!

אויגוסט 1930

# קענטאָקי

(דעם אָנדענק פון כאַווער הערי סימס)

הערט זיך איין, פאַראייניקטע שטאַטן:
עס רעדט קענטאָקי!
עס רעדט קענטאָקי קלאָרע, שאַרפע רייד,
אַז אַלע זאָלן הערן,
אַלע זאָלן פאַרשטיין.
עס רעדט קענטאָקי
דורך די בלינדע ,אָפּגעריסענע שענטיס,
דורך די קרומע, צעטומלטע שטעגן,
דורך די כוישעכדיקע הינטער־געסלעך,
דורך די קוילנגריבער, וואָס שטומען איצט אין
צאָרנדיקן שווייגן,—
דורך אונדזער בלוט—
וואָס מאָנט און דערמאָנט און שרייט
פון אַלע ברייטע צעוואָרפענע קוילנפעלדער.
עס רעדט קענטאָקי
פון שווערע, שטומע, סאַזשיקע הענט,
פון פאַרהונגערטע מיינער־פרויען,
פון נאַקעט־באָרוועסע מיינער־קינדער—
עס רעדט קענטאָקי האַרטע, שאַרפע רייד,
קויליקע ,שטייניקע, שטאָלענע רייד,
רייד פון קאַמף, רייד פון אויפשטאַנד.
עס רייפן די רייד אונדזערע,
עס רייפט דער צאָרן אונדזערער,
עס רופן די ביקסן אונדזערע,
די יערושעדיקע, די זשאַווערדיקע,
פון די ווענט אַראָפּ.
עס וואַרט דער טויט אַ זיכערער
אין זייערע ליופעס.

ווי קוילן הייסע, צעזשאַרעטע,
האָבן מיר די רייד אונדזערע אָנגעשפּיצט, אָנגעגליט
אין די לאַנגע, וויסטע לאַבירינטן פון שוואַרצע שאַכטעס,
אין די פייכטע, גריבערדיקע טיפן,—

אין די גראָע, קאַלטע היילן
פון רויכיקע, אַשיקע, הונגעריקע טעג—
שטעכיקע, וואָכיקע, קויטיקע טעג,
הימללאָזע, זונלאָזע, ברויטלאָזע טעג.
האָבן זיך אונדזערע קראַנקע, אומעטיקע וואָכן
אין כאַדאָשים און אין יאָרן געגרונדיקט
און געטריפט מיט נעץ, מיט פראָסט און מיט שווייסיקע
טראָפּנס,
ווי די וויסטע ווענט פון אונדזערע טפיסעדיקע
גריבער;
האָבן וואָכן אונדזערע געוואָיעט
ווי די בייזע ווינטן אין די גריבער,—
האָבן וואָכן אונדזערע געוואָיעט
מיט בלינדן ווייטיק פון שאַרפצאָניקן הונגער,
מיט שפּיציקן געריעוו פון איבערגעכליאָנעטע געדערים,
מיט שטומען געשריי פון אויפגעשוואָלענע בייכלעך
פון אונדזערע בלאַסע, שווינדזיכטיקע קינדער.

האָבן זיך האַרט און שוואַרץ,
ווי די קוילן,
יאָרן אונדזערע—פאַרפלאָנטערטע קנוילן,
געוואַלגערט, געטאָפּטשעט
אין די גרויליקע, קויליקע, הוילע היילן;
האָבן יאָרן שוואַרצע, אייזן־געקאָוועטע,
זיך געשלעפּט אין יאָך,
האָבן יאָרן שוואַרצע זיך געשלאָגן אין האַרטע,
טויבע ווענט—
האָבן לייבער קויליקע, גלאַנציקע, נאַכטישע,
מיט האַמערס און קירקעס און רידלס און העק
געריסן די ווענט, געריסן די קויל—
האָט אין פינצטערע שאַכטעס די אַרבעט געברענט,
האָבן העק געשוואונגען אין פינצטערע הענט—
און ערגעץ איז ליכטיק געוואָרן,
און ערגעץ איז וואַרעם געוואָרן.
אָ־אָ, מיינער׳ס טעג—
פולע טאַטשקעס קוילן—
ניט קיין קוילן—
הרודעס גאָלד פאַר באַראָנען, פאַר מאַגנאַטן.

צאָלן מאַגנאַטן מיט טויט פאַר גאָלד,
מיט טויט פאַר גאָלד.
צאָלן מאַגנאַטן מיט ניומאָניע,
מיט „פלאָקס" און פעלאַגראַ—
מיט הונגער און מיט טויט.
שפּאַנט אַרום דער טויט אין אונדזערע וויסטע געסלעך—
וויינען קליינע קינדער זייער לעצט געוויין,
פאַלן יונגע זין, פאַלן יונגע טעכטער—
ווערט שטום אַרום — —
הילכט אין די אויערן דעם טויט'ס געלעכטער.
— — — — — — — — — — — — — — —
דורך לאַנגע קאָלירלאָזע טעג,
ווי שווערע אָנסאָפּיקע אייזערנע קייטן,
דורך נעכט הרודע־האַרטע, פאַרפרוירענע,
ווען אין בויך האָט הונגער ווי אַ וואָלף געוואָיעט,
האָבן מיר אין די פינצטערע קאָמפּאַני־שענטיס,
אין די פעלזיקע אונטערערדישע קוואָרים,
מיט דער וואַרים פון אונדזערע פינצטערע לייבער,
מיטן אָטעם פון אונדזער ליכטיקן גלויבן,
אויפגעהאַלטן אַ ניי־געבוירן פייערל—
דאָס פייערל פון קאַמף.

האָבן מיר אויף שאַרפע קוילנשטיינער,
אויף האַרטע הונגער־טעג,
אויף שלייפשטיין פון נויט,
שאַרפער נאָך פון די שאַרפסטע העק,
אויסגעשאַרפט אַ ניי געווער,
אַ בליציק, בלאַנק געווער—
דאָס געווער פון קאַמף—
סטרייק !!!

האָט זיך רוף פון סטרייק צעקלונגען ווי טויזנטער גלאָק;
איבער לענג און איבער ברייט פון קענטאָקי,
זיינען שטום איצט האַק און האַמער אין די שאַכטעס,
שטייען שטאָלץ און היטן איצט די וואַכטעס.
און אַז עס זיינען אַרויס די בלינדע קראַטן
פון די פינצטערע גריבער,

אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין,
אויף דער ליכטיקער שיין,
איז אין פלאַמען איצט קענטאָקי,
אין פלאַמען!
ברענען פויסטן, פאָנען, פייערס, שלאַכטן —
ס'איז אויפגעשטאַנען ס'פאָלק פון שאַכטעס.
איז שוין ווייטיק איצט ניט בלינד,
איז שוין צאָרן איצט ניט שטום—
ס'האָט ווייטיק געעפנט אַצינד
בייזע, ליכטיקע אויגן,
און שטומקייט פון צונג—
איז אויפגעלייזט, אויפגעלייזט.

רייפן איצט אונדזערע מאַלי דזשעקסאָנס,
רייפן אונדזערע פייער־לידער,
לידער בראָנזיקע, בליציקע, מעסערדיקע,
קאַפען זיי מיט אונדזער שווייס און בלוט,
רעווען זיי מיט אונדזער וועלפישן הונגער,
לויכטן זיי מיט מאָרגנדיקע ציטער־צאַרטע זונען,—
איז אין אונדזער יעדן ליד —
זון און דינאַמיט.
איז שטומקייט פון צונג—
אויפגעלייזט, אויפגעלייזט,
וועט שוין ניט העלפן קיין גוט־וואָרט, קיין טרייסט—
וועלן מיר צינדן די שלאַכטן ביז צו ענד.
זאָל הונגער בייסן אונדזערע וויסטע ווענט,
זאָל טויט צייכענען זיינע טריט
אויף די שוועלן פון אונדזערע קאַנורעס,—
עס ברענט אונדזער סטרייק מיט טויזנטער פלאַמען.
ס'איז שוין ווייטיק איצט ניט בלינד,—
מיט ציין־און־נעגל קעמפן מיר אַצינד.

קומען מיר פון אומעטום:
פון די הונגעריקע בערג,
פון די פעלזיקע היילן,
פון די ברודיקע פלאַפהייזער, סופּקיכן, ברויט־רייען.
מיר זיינען דאָ: מיט שיך און קליידער צעוואונדיקטע,
מיט הונגער אין די שטערנקאַרבן,
מיט פּענימער—שטיקער גלאַנציקע קויל,

מיט אויגן, וואָס ברענען ווי די לעמפלעך אויף אונדזערע
מיר זיינען דאָ: די קענטאָקי־קוליס, די הונגער־שטאַרבער,
מיר זיינען דאָ: שווייסיקע, שאַכטישע, שטורמישע,
האַרטע און האַרבע און שאַרפע,
ווי אונדזערע העק, ווי אונדזערע העק.

זיינען גריבער אונדזערע געמאָלן שוואַרץ מיט הונגער,
זיינען שליאַכן קענטאָקיער געמאָלן רויט מיט אונדזער בלוט—
גייען מיר אין שלאַכט געהאַמערט און געשטאָלט.
ס'האָט דער שטורעם אויפגעברויזט,
און ס'לויכט פאָראויס אונדזער פייערפויסט.
האָט דער פעטער באָס, קענטאָקי־באָס
אַלע ווילדע הינט פון קייטן צעבונדן:
מיט מעסערס און מיט מאָרד,
מיט ביקס און מיט „געזעץ".

טראָפנט אונדזער בלוט אויף אַשיקן שטויב,
אויף אויליקע, קויליקע קליידער,
שרייען וואונדן אויף צעריסענעם לייב—
צינדט זיך העליש אָן
אונדזער בלוטיקע פאָן,
איז זי פלאַמיק אויסגעשניטן
אויף אונדזער טונקעלן, הונגעריקן לייב.
ווייסן מיר: ס'גייט באָס מיט שטאַט,
מיט מעסער און מיט מאָרד,
אָבער זאָגן וועלן מיר דאָס לעצטע וואָרט.

ס'איז ניט קענטאָקי—ס'איז אַלע שטאַטן,
ס'איז אַרבעט קעגן קאַפּיטאַל—
און שרייבן וועלן מיר
דעם בלוטיקן פינאַל.

און איצט, כאַווירים־שטאַטן,
הערט אַ גרוס אַ פרישן פון די באַרגלייט פון קענטאָקי:
ווען נעכט לייגן זיך אַזוינע קאַלטע
אויף טאָלן און אויף בערג,
און פון אַלע ווינקלען לויערן געפאַרן,
קומען זיי, קומען זיי:

די בראַוונסטע מיינער־יונגען,
מיט לעבן אין די הענט פאַרקלאַמערט;
ס'יאָגן ווילד דעם באָס'עס יעגער,
טראָגן מאָרד אין אויגן,
ס'רעווען ביקסן—שאָס נאָך שאָס,
קומען בראַווע יונגען—אַזוי פּאָשעט, אַזוי פּראָסט,
קומען ווייסע, קומען נעגערס.
פון רויך פאַרקאָפּטשעט די קאַמער,
צאַנקט בלאַס אַ וואַקסן ליכט,
איז לעבן אין די הענט פאַרקלאַמערט,
איז גלוּיביק און ערנסט אַיעדער געזיכט.
ציטערט בלאַס דאָס פלעמל,
לויכטן אויגן מיט פייער,
טויכן רייד טיף־טיף אין בלוט,
ווערט געבוירן עפּעס נייעס, עפּעס נייעס.
צינדט זיך אָקטאָבער אין טונקעלער שיין,
וואַקסן די שאָטנס אין גליאיקער קאַמער—
וואַקסן וואונדער אויס אין נעכט אַזוינע,
ווערט געשמידט דער „סערפּ און האַמער".

— — — — — — — — — — — — —

אין אַ נאַכט אַזאַ, אין אַ נאַכט אַזאַ
האָט זיך געטראָגן אַ בייזער שטורעם,
האָט זיך געטראָגן אַ שוואַרצע בסורע:
הערי סימס דערמאָרדעט!
העי, אַמעריקע, העי, בלוטיקע אַמעריקע,
דערלאַנג אַהער דיין שוואַרצן בוך,
פאַרשרייבן וועלן מיר מיט פייער און מיט בלוט
דעם פרישן נאָמען פון יונגן העלד:
הערי סימס!
פון בלוטיקן מאַסאַטשוזעטס אין בלוטיקן קענטאַקי
האָט ער זיין ליכטיק לעבן געבראַכט;
ציטערט עפּשער אַ דערשטיקטע טרער
אין אונדזער קאָל—
זיכער איז די האַנט,
וואָס צאָלט.
שרייט דיין בלוט דורך אונדז,
ווערט הייסער נאָך די שלאַכט,

שרייט דיין בלוט דורך אונדז,
די מענטשן פון דער שאַכט.
צאָרענען מיר, וואָרענען מיר:
מיר'ן צאָלן, צאָלן, צאָלן.
רייפן מיר, גרייפן מיר:
צום טאָג פון צאָלן.
גייען מיר אומפאַרצאַמטע שטראָמען.
גייען.
איז דיין טויט—צעמענט,
וואָס פעסטיקט שטאַרקער נאָך די רייען.
ס'איז ניט קענטאָקי—ס'איז אַלע שטאַטן,
ס'איז אַרבעט קעגן קאַפּיטאַל—
און שרייבן וועלן מיר
דעם בלוטיקן פינאַל.

מערץ 1932

## מאַרטירער

אַפן קייווער פון די אומגעשטאָרבענע
בליען רויט אונדזערע טרערנבלומען.

אונדזער קאָפּ בייגט זיך, אונדזער לייב ציטערט
פאַרן גרויסן, אין טויט אַנטפּלעקטן, לעבן
פון די הייליקע.

לעבנס אייערע ווי זונען האָט איר אָנגעצונדן
פאַרן ליכט פון אונדזער וועלט.

לעבנס אייערע פון די עשאַפאָטן
לויכטן נאָכן טויט, לעבן פאַר דער וועלט.

# די קאַלע פון לעבן

דעם 9טן אַפּריל, 1936, איז אין שיקאַגאָ גע־שטאָרבן נינאַ וואַן זאַנט שפּיז, די אַלמאָנע פונעם היימאַרקעט־מאַרטירער אויגוסט שפּיז. זי איז געווען אַ טאָכטער פון מיטלשטאַנד, אַ גראַדואירטע פון אַן אַריסטאָקראַטישן אוניווערזיטעט. זי האָט כאַסנע געהאַט מיט אויגוסט שפּיז'ן איידער ער איז געגאַנגען צו דער טליע, אויס פּראָטעסט קעגן אורטייל. זי האָט אים פריער ניט געקענט.

אין בלוט איז אויפגעגאַנגען יענער טאָג,
אין בלוט האָט אויפגעבליט אַ זון אַ נייע—
און גאַס צו גאַס און ראָג צו ראָג
האָט דורך פייער און טויט געזאָגט:
אַ גרוס דיר, ערשטער פון די ערשטע מאַיען.

האָט פאָן געפלאַטערט אין פרילינג און אין ווי,
און טויט האָט שטיינער מיט בלוט פאַרזייט
און געפרעוועט מיט בליי דורך טאָג און נאַכט:
עס זיינען מיינע די קעפ די אַכט.

האָט מען אַכט היימאַרקעט־העלדן געבראַכט אין געריכט—
די אויגן ביי ריכטער: שוואַרצע, טויטע ליכט.

— — — — — — — — — — — —

„זיי מוטיק, מונטער, יונגער העלד,
עס שטייט מיט דיר אַ גאַנצע וועלט!"—
עס ציטערט דאָס בריוול אין איר צאַרטער האַנט:
ליב איז דער העלד, כאָטש אומבאַקאַנט.

זיינע הענט ווייסע און מילדע, אין קייטן געשמידט,
זי קושט זיי אין בריוול און זינגט זיי אַ ליד.
שיין איז זיין קאָפּ, געקרייזלט די האָר,
איר דוכט זיך, זי קאָן אים שוין טויזנטער יאָר.
איין פּאָנעם—פּאַרמעט—ביי די אַלטע ריכטער,
אירע אויגן לייענען: טויט און פאַרניכטונג.

לויטער ווי קרישטאָל
צעקלינגט זיך זיין קאָל:
„אויב פאַרן עמעס איז טויט די שטראָף—
שטאָלץ בין איך מיט מיין סאָף!
לעבן זאָל דער סאָציאַליזם—
לעבן זאָלן די טויזנטער אויגוסט שפּיזן!"

פון פאַרמעט־פּענימער קוקט בייז דער טויט אַראָפּ
און פלעכט אַ שלייף פאַר אויגוסט'ס קאָפּ.
„ניין, בראַווער אויגוסט שפּיז,
דו וועסט ניט שטאַרבן—
ס'וועט פינקלען דיין לעבן אין רויטפאָניקע פאַרבן".

עס פלאַטערט איר ברייוול, עס פלאַטערט איר לייב:
„אָ, טויט, שטרעק אויס דיין האַנט, איך ווער דיין ווייב.

„ווי אַ זון לויכט דער עמעס איבער וועלט—
ווי אַ ריז שפּרייזסטו צום לעבן, מיין העלד,
ווי אַ ריז, אַ ריז —
מיין ליבער אויגוסט שפּיז!

„ס'איז מיין—דיין קאָפּ.
פון טליע איך נעם דיך אָפּ—
עס לויכט יעדע רעגע מיט טויזנט זונען
און ווערט מיט אייביקייט פאַרשפּונען.

„איך בין די קאַלע פון טויט—
איך נעם דיך צו פון שטריק.
אונדזער לעבן—אַ ברענענדיקער קנויט
פאַר אַלעמענס גליק".

עס בליט דער מאַי אין בלינדן צעל
און טויט פאַרטאַיעט ליגט ביים שוועל.
דורך בוים און דורך בלוט דער מאַי צעגרינט—
אַ פּעטליע שפּינט דער טויט און שפּינט.
יונג ווי מאַי האָט נינאַ וואַן זאַנט
צו שפּיז'ן אין צעל אַ צאַרטע געשפּאַנט.

שטאָלץ האָבן שלאַנקע פיס איבער טויט געטראָטן—
פאַרנורעט אין אַ ווינקל האָט זיך שוואַרצער שאָטן.

„דו ביסט דער זון פון גרויער מי,
און איך בין דיין—אין טויט און אין בלי.

איך בין דיין קאַלע—דעם לעבנס קאַלע,
איך נעם דיך אַוועק ביי דער טליע.
עס ריזלען פרייע מאָרגנס דורך אונדזערע קוואַלן,
אונדזער בלוט איז פאַר נייע זונען אַ זריע".

צאַרט זיינען ביידע ווי צוויט
און הימל און ערד—אַ ניט־געזונגען ליד.
מיליאָנען העלע מאָרגנס—צוקאָפּנס,
מאַאיקע וועלטן גייען־אויף אין בלוטיקער שקיע.
ריזלט דאָס גליק—טראָפּן־נאָך־טראָפּן,
וויגט זיך דער טויט אויף ליידיקער טליע.

יעדע רעגע—אַ קוואַל: ריזלט דאָס גליק—
זונען צעהאַנגענע איבער וועלטן פאַרגאַנגענע
אין ביידנס בליק.

פאַרשוואונדן דער צעל, און גרין איז דער מאַי—
און לעבן האָט זיך געפּאָרט מיט טויט.
טויט איז דער טויט און קומט אויפדאָסניי—
נאָר די אייביקע זון, זי בליט אונטער הויט.

## שניט

ס׳הענגען אַראָפּ די טעג באַלאַדענע מיט פּרוכט ;
פאַלן פּרוכט מיט פולע זאַפטן פון די צווייגן ;
פאַלן בלעטער קופּער־רויטע מיט אומעטיקן שווייגן.

ס׳הענגען אַראָפּ די נעכט באַלאַדענע מיט טרויער :
ס׳האָבן קאָסעס מיט טויט געבליאַסקעט אין די הענט
פון שניטער,
ס׳האָבן טויט געשפּרייט צווישן ברידער די שוואַרצע
ריטער.

האַרבסט. שניט פון לעבן—שניט פון טויט.
שיינקייט פוילט. בלומען שטאַרבן.
ווייַן צעגאָסן. צעבראָכן דער שאַרבן.

שיינקייט הויערט איבער טויט, וואָס איז געבורט פון
נייעם לעבן.
ברידער ! עס טרייסלט זיך די וועלט פון אייער
גסיסע־ציטער,
און ס׳פאַלט די קלאָלע פון מיליאָנען אויפן קאָפּ פון
שניטער.

אָ, בלעטער פאַלנדיקע, בלעטער ברוינע—טויט איז
אייער גרין.
נאָר בלויז אין קאַלטע בלוטן פאַרגייט די זון און שטאַרבט.
אין אונדזער האַרצן איז ניטאָ קיין האַרבסט.

שניט. טויטע פעלדער. פולע שייערן.
ס׳לויערן פייערן אויף אונדזער ברויט, אונדזער קאָרן—
גליען שייערן מיט ברויט, גליען שייערן מיט צאָרן.

## אינדיאַנער

ווילד־וואַלד.
ביימער־קאָרע—פלינקע שיפלעך אויף זילבערדיקע טייכן.
ביימער־הויכן הויבן זיך צו זון,
בסולע־ערד שפּראָצט מיט גרינער פרייד,
הימלען פרוילעכע שמייכלען מיט ליבשאַפט,
רויטע נאַקעטע מענטשן טאַנצן זינגענדיק.

געקומען זיינען ווייסע מיט שטיין־און־שטאָל—
האָבן ערד־בסולע אין אַ ווייסער שקלאַפין פאַרוואַנדלט,
האָבן הימלען מיט רויך־און־סינע פאַרשוואַרצט,
ביימער פאַר טליעס און טרונעס געמאַכט,
די רויטע קינדער אויסגעקוילעט.

וואַקסט ניט די זון אין לאַנד פון ווייסע.
ס׳לעבן האַרט ווי שטיין.
ווי שטאָל—די הימלען האַרט.
ערד פאַרזוינעטע שפּראָצט מיט—
טויטע רויטע קינדער.

לאָמיר ווערן פריי !

## האַרבסט

פונעם האַרבסטיקן אָטעם
גליווערן די הייסע בלוטן פון זומער.
מיינע באָרוועסע פיס ציטערן אָפּגעברענטע אויף
אָפּגעפּליקטע בלעטער,
וואָס ליגן ווי פעדערן פון ערשט־דערשאָכטענע אויפעס.
מיינע אויגן צינדן זיך אָן פון דער קראַנקער רויטקייט
אויף ביימער.
אומרואיקע ווינטן פּאַטשן מיין פּאָנעם
מיט אומעט און גרוי.
אַ טויטלעכע רו זייעט וועלקונג אויף מיין געמיט.
מיין אומרו וויגט זיך מיט די קלאָגנדיקע ביימער.

# אַמעריקע

גרויס און ברייט האָסט זיך צעקלונגען, אַמעריקע,
איבער דיין מיזרעך און מיירעוו, צאָפן און דאָרעם,
מיט דער סימפאָניע פון דיינע מאַשינען, מעטאַלן
און מינעראַלן,
מיט די פאַרבן און זאַפטן פון דיינע שמעקעדיקע
לאַנד־שטרעקעס,
מיט די באַוועג־וואונדער אין דער לופט, וואַסער,
אויף־ערד און אונטער־ערד.

און מיר, יונגער אויפשפראָץ פון גרין־פרישן
דיכטער־פלאַנץ,
כאָטש אונדזער בלוט און שוויס ווערט נאָך
ווי דו, אַמעריקע־לאַנד, פון דיינע הערשער געזויגן,
שאַלט שוין אין אונדזערע אָדערן, ווי אין דיינע,
דער אויפגאַנג פון אַ באַנייט, באַפרייט געזאַנג.

ווייל מיר, געאייניקטע מיט דיינע מיליאָנען קינדער,
בויען דיך, אַמעריקע,
מיט שער און זעג און האַמער און אַקער־אייזן,
מיט מוסקול און מאַרך, מיט דרייסט און דראַנג.
זיינען מיר—קינדער פון דיין בויך און בלוט,
אויף דיין שויס אויפגעגאַנגען און אין דיין
מוטער־קאַרקע
איינגעוואָרצלט,—
באַוואונדערן מיר דיך און באַזינגען דיך.
דיך : אונדזער גבורה און באַשאַף.

מוטער אַמעריקע !
מיט לידער אין גלידער,
ווען מיר, דיינע נייע דיכטער, באַזינטע און באַזונטע,
מיט פלאַמען ווי פאָנען,
מיט פעסטן טראָט,
מיט האַמערדיקן שוואונג פון געזאַנג,
מאַרשירן פאָראויס—פאָראויס !

# אויף וועגן

כ׳פֿאָר אַרום אויף ברייטע געפּלאַסטערטע וועגן—
אָ, וויפֿיל פּיס פֿון דוירעס פֿאַרגאַנגענע און היינטיקע
האָבן געגלעט אָט די גלאַנציקע וועגן.
אַ גרינער יאַם.
רויטע דעכער טונקען זיך אין גרין.
טעלעגראַפֿישע סלופּעס—ביימער געוועזענע—הויבן זיך
אַרויף, אַרויף

ווי מאַסטן אויפֿן יאַם.
בערג־גרין איבער טאָלן בלוי.
אַ יאַם בלוי איבער טאָלן גרין.
אַ מאַראַנצענע זון בליט־פֿאַרבליט אויף גרינע שטיבעלעך,
אויף גאָלדיקע ליים־בערגלעך. — — —

אַרום מיר שפּרייט זיך פֿעלד און פֿינצטער.
די פֿינצטער הילט־איין דעם טאָל ביזן העלן פּייערל.
מיינע אויגן נעמען אַרום די ברייטע פֿינצטער.
ס׳פּייערל זינגט צו מיר פֿונוויטנס.
כ׳גלעט דאָס פּייערל, דאָס שטיבעלע.
אַרום פּייערל לויכטן מסתמא וואַרימע מענטשן.
נאָכן פּייערל ציט זיך פֿעלד און ס׳פֿינקלען שטערן.
כ׳באַהעפֿט זיך מיטן פֿעלד און מיט די שטערן.
די שטערן שפּילן זיך מיט די קייטן בערג:
אָ. ווי עלנט וואָלטן געווען די בערג אָן אָט־די
ליכטיקע כאַוויירים.

פֿריילעכע ווינטעלעך פֿאַרטראָגן מיר אין די נאָזלעכער
אַזוינע זיסע קילע רייכעס,
אַזש מען קען שיקער ווערן.
ס׳בליט דער גרינער כאָלעם פֿון אַלט־יונגן וואַלד.
ס׳צוויטן גאָרטן און פֿעלד.
רייכעס פֿון קאָרן, רייכעס פֿון טאַבאַק—
וועט זיין גענוג צום עסן און צום רויכערן.
צוויטן פֿון פֿעלד און גאָרטן—שווייסיקע גליאיקע מי,
רייכעס פֿון קאָרן און טאַבאַק—שווערע פֿויערישע טעג.
זיס און זעטיק זיינען די רייכעס פֿון לעבן.

געבענטשט זאַלן זיין די ערד און דער פויער
וואָס לאָדן־אָן די ווינטעלעך מיט די רייכעס פון לעבן.
היינט גליט דער טאָג מיט אַ געהענעם־היץ,
און איך שטרעק מיין האַלדז צו די קילע שאַרפן פון די ווינטעלעך,
און איך נויג מיין אויער צו זייערע וואונדער־שיינע מייסעלעך.
היינט איז אַ יאָנטעוו פאַר מיינע אויגן און אויערן:
היינט שעפן זיי אָן אַזויפיל וואונדער.
שיין און גרויס און ברייט און טיף איז—וועלט,
און מיט מיינע שטאַרקע הענט דריק איך זי צו צו מיין האַרצן.
כ'וואַרף מיין לייב צו די טיפן און שיינקייטן פון וועלט. — — —
פאַר איך ווייטער. פאַר איך ווייטער.

קומען מיר פייער־פליגן אַנטקעגן: באַגריסן און פאַרגייען.
ווי דער פייערצוויט פון יונגע יאָר, פון יונגע יאָר. — —
שטיבעלעך. שטיבעלעך. פינצטערע. פאַרכאָלעמטע.
אינעווייניק—מענטשן. כאַלוימעס. מאַן—ווייב—קינדער.
ביימער. ביימעלעך. לעבן אַ גרין לעבן.
קוקן מיר נאָך שטילע און פאַרגאַפטע.
שפרייטן צו מיר לאַנגע שלאַנקע הענט.
און ערגעץ—רוישט. רוישט. קוואַלן רוישן.
כ'שעפּ דעם רויש, כ'שעפּ דעם ריטם.
מיינע אויגן פאַלן אויף ווייסע וואַסערפאַלן.
טאַנצנדיקע וואַסערמיידלעך זינגען מיר אַ ליד.
כ'טראָג אַוועק מיט זיך דאָס ליד—דאָס ליד פון טאַנץ.
אַ ברייטער טייך נעמט אַרום די ווייס־ווייסע מיידלעך.
פאַסן ליכט טונקען זיך אין טייך.
מיט רייכעס פון טייך שווימען אין מיר אויף רייכעס פון מיין קינדהייט,
כ'דערזע מיין דניעסטער, דעם שיינעם טייך פון מיין קינדהייט. — — —

אין טונקעלן אַרום שווימען פאַרביי פייערלעך—אויטאָס.
אינדערווייטנס—טאַראַראַכקעט. אַ צוג. פייער.
רויך. פאַרביי. — — —

שוימט־אויף אין מיר אַ גרויסע פרייד,
צעגיסט זיך איבער אַלע ברעגעס;
צעוויג איך זי, צעזינג איך זי אויף קוילע־קוילעס —
קומען ווינטעלעך און צעטראָגן זי צו די בערג און
צו די שטעט. — — — —
„טראַ־טאַ־טאַ!" — אַ מאָטאָר־שיפל גליטשט זיך
שנעל אַוועק,
מיינע געדאַנקען שווימען־נאָך,
יאָגן זיך מיטן שיפל ערגעץ אַהין, אין טונקעלע
כוואַליעדיקע ווייטקייטן.

פייערן. פייערן. אַ שטאָט אין פייערן.
שיקערע, יובלדיקע טאַנצן פייערן אין די הויכן.
אין רייען, אין קרייזן, אין קאַדריליען. פייערן.
אַ פייער־דזשעז. טשאַרלסטאָן. בלעק־באַטאָם.
פייערלעך טאַנצן אויס אַמעריקעס טאַנץ.
טאַנצן פייערן אין טייך אַריין. שווימען אויפן טייך.
אַ ליכט־קאַרניוואַל.
פייערלעך ציטערן־אויף,
פייערלעך טענצלען אויפן וואַסער.
אַ שפּיל פון שטאָט מיט טייך.
אַ ליכטיקע שטאָט באַהעפט זיך מיט אַ שפּיגלדיקן טייך.
מויערן. אַ פייער־שריפט איבער קעפּ פון מויערן.
ווער האָט אָנגעשריבן אָט די ליכטיקע פייערדיקע
אויסיעס?
אָ, הייליקע פינגער. אָ, ליכטיקע הענט!

שטאָט. מויערן. טורעמס. קעפּ.
דוירעס גאַנצע אויסגעגאָסן אין שטיין.
כ'באַהעפט זיך מיטן קאַלטן, פון־מענטש־באַוואַרעמטן,
שטיין,
כ'נעם אַרום די ליבע קעפּ,
כ'גלעט מיט מיין קאָפּ אָט די ליכטיקע באַלויכטענע קעפּ:
כ'באַגריס זייערע פריידיקע שמייכלענדיקע שטראַלן —
די שטראַלן פון גאַנצע הויפנס לעבנס פון די שטאָט־בויער.
איטאַליענער, נעגער — אַרבעטער: ווי אַ קרוין שיינט
אייער מי
אויף קעפּ פון מויערן, אויף קאָפּ פון שטאָט.

קוימענס, קוימענס—האָבן אויסגעשטרעקט די העלדזער.
רויכן. רויכן. רויכיקע רייכעס. רייכעס פון לעבן.
רויכן דרייען זיך, דרייען זיך, דרייען, פאַרגייען.
רייכעס פון פאַבריקן, רייכעס פון ערד—
רייכעס פון לעבן.
כ׳פאָלג נאָך דעם גאַנג פון די רויכן —
כ׳הער זייער געזאַנג פון רויכיקע לעבנס.

גלאַן! גלאַן! טראַמוואַיען. אויטאָבוסן. מיט־מענטשן־
געפּאַקטע.
לעבעדיקע קלאַנגען. לעבעדיקע שטראָמען.
פון ערגעץ צו ערגעץ — די אייביקע פּראָצעסיע.
אויך איך בין אין שטראָם. אין באַוועגלעכן שטראָם.—

זט—אַ מאָנומענט. שפּאַרט אַריין מיט העלן קאָפּ אין
הימל.

הויך און שטאָלץ: אַ ריז צווישן אַ מאַכנע קאַרליקעס.
שטערן רוען, שטערן נעכטיקן אויף זיין קאָפּ.
אונטן—טאָלן. ליכט צעוואָרפן אין די טאָלן.
ביימער קוקן אַרויף צום ריז מיט גליאיקע אויגן:
פייערלעך האָבן זיך פאַרפלאָכטן אין די ביימער־נעסטן.
לאַמטערנעס האָבן זיך צעשטעלט ווי היטערס אויף די
גאַסן.
צי ווייסט איר כאָטש, לאַמטערנעס, ווער ס׳האָט אייך
אָנגעפילט מיט ליכט?

נאָך—מאָנומענטן. שוויגנדיקע ריזן.
אָ, וויפיל דוירעס אומבאַקאַנטע העלדן זיינען אין זיי
פאַרשטיינערט.
און וויפיל דינאַמישע פילשפּראַכיקע רייד זיינען
פאַרבאָרגן אין זייער שווייגן!
„קלינג! קלונג!״—דאָס קלינגען די גלעקלעך פון לעבן.
קלאַנגען־סימפאָניע. טענער שפּרינגען אַרום מיר.
ראַדיאָ־פרייד.
לופט־כוואַליעס שפּילן אויס דעם מענטשנס וואָרט.
סטענגעס ליכט. ראַדיאָ־מוזיק. פאַרבן־כוואַליעס.
גלעקער קלינגען, קאָלירן טאַנצן. אַ סימכע.

די געסט זיינען פרעמדע. ניטאָ דער באַלעבאָס.
ליכטיק! ליכטיק! טעאַטערס, קראָמען, פּאַלאַצן,
פאַבריקן—
ווען צו אַלעמען געהערן, אַלעמען באַגליקן.

ווידער—קוימענס. קופּאָלן. טורעם־שפּיצן.
ווידער—פעלד. וואַלד. שטיבלעך.
ס'האָט וועלט פאַר מיר צעעפנט אירע הענט,
שטרעק איך מיינע אויגן, מיינע הענט—
צו נייע פעלדער, נייע ווענט.

# אַ פאָן

זעגן בלאַנקען,
האַמערס קלינגען
אויף דער רעשטאָוואַניע.
הענט צעשווינגען,
ציגל זינגען
ס'ליד פון האָרעוואַניע.

אויפן טורעם־קאָפּ,
שטאָל און בעטאָן,
אונטער פלאַמיקער זון
שטייט אַן אַרבעטער —
אַ פלאַמיקע פאָן.

# ברויט און ליד

(געווידמעט די אידישע ערד־אַרבעטער
אין סאָוועטן־פאַרבאַנד)

## שניט

ס׳האָבן סערפּן, ווי אויף שלאַכטפעלד, אויפגעזונגען ס׳ליד פון שניט,
ס׳האָבן רייפע זאַנגען־לעבנס געציטערט דעם לעצטן ציטער,
האָבן סנאָפּעס געלייגט זייערע גאָלדיקע קעפּ צו די פיס פון שניטער.

גלאַנצן־אויף אין שאַרף פון סערפּ יענע רויטע טעג,
וואָס האָבן איינגעשניטן ס׳לעבן אויף נעכטן און אויף היינט.

צעוויגט זיך אַ האַנט מיט אַן אויפגעהעלטן סערפּ און זינגט:
בלאַנק איז מיין כאַלעף געווען,
נאָר בלאַנקער איז מיין סערפּ —
שנייד איך מיט אַ בראָכע די טוואָוע פון ערד.

צעוויגט זיך אַ גאַנצע עידע שטעטלדיקע אידן און זינגט:
האַזוירים בעדימאָ בערינאָ איקצוירו,
בערינאָ איקצוירו.
לאָמיר זינגען, לאָמיר זינגען
ס׳ליד פון שניט
אויף אונזער ערד,
אויף סאָוועטישער ערד.

## נאָך שניט

ציען פולע וואָגנס קאָרן־מיט־זון צום שייער,
ווייסע טויבן קלייבן קאָרן אויף די העלע וועגן,
פריילעכער טאָג — אַ קאָמסאָמאָליעץ — לויפט פון פעלד
צום שייער און צוריק,
רייפע ווייצענע לידער וויען מיט אָטעם פון ערד.
פירן ברוינע פערד די שווערע וועגענער מיט לייכטע טריט, —
פירן דעם זומער אַ געבונדענעם צום קאָלעקטיוו אין שייער.

אויסגעלאָדן די פולע סנאָפּעס זאַנגען — העלע געזאַנגען,
אָנגעלאָדן די שייערס פול מיט קאָרן־פרייד.
איז יעדער סטויג פול ווי אַן אויג.

אויף די ווייס־געגרייטע טישן שיינען ברויטן, —
אויף קאָלווירט איז אויפגעגאַנגען דער יאָנטעף פון ברויט.
אינעם שאָטן פון נאַכט רוען אויגן מידע —
אויף צווייגן הענגען טענער פון ווייצענע לידער.

# אויף ערד

זיי וואַקסן ווי די בוימער
אין דער הויך,
אין דער טיף,
אין דער ברייט.
זיי וואַקסן צו די הימלען,
זיי וואַקסן פון דער ערד.

זיי זיינען פאַרוואָרצלט מיטן נאָפּל פון ערד —
זויגן וואָרצלען מילך און האָניק פון דער ערד.
ערד אָטעמט געזונטקייט,
ערד באַשאַפט גאַנצקייט.

זיי וואַקסן הויכע, שלאַנקע, ווי די בוימער,
באַהעפט מיט ערד — דוירעס — אוראַלטער, —
זיי וואַקסן מיט רייפן באַוואוסטזיין אין גרינעם
צווייגיקן געוועב.

ס'ציטערן ניט זייערע קלוגע קעפּ פאַר געוויטער,
ס'פליסט אין זייערע אָדערן אַן עפּישע רו —
די פרוכטבאַרע רו פון אַלטע באַלמישפּאָכעדיקע בוימער;
ס'שיינט אין זייער בלוט די כאָכמע פון גרויסער
אייביקער ערד.

# אונזער ערד

פון די ברייטע פרייע סטעפּעס,
וואו ווינטן לוסטיקע צעזינגען אונזער ליד,
איבער ברייטע יאַמען שיקן מיר זאָמען
צו פאַרזייען ברודערשאַפט אין ווייטע לענדער.

טראָגן ווינטן אונזער וואָרט: פרידן אויף ערד.
(אָ, אונזער ערד! אונזער פרייהייט!).
נאָר אויב סוינע וועט הויבן זיין האַנט אויף אונזער ערד,
וועלן פויערן ווערן קריגסלייט,
קאָסעס וועלן ווערן שווערדן, —
און פאַרגליווערט אינדערלופטן וועט הענגען סוינע'ס האַנט.

# זומער

זומער׳סליידנשאַפט האָט אַרומגענומען די ערד,
קאָרטשעט זיך ערד׳ס גוף אַ צעוואַרעמטער,
איז ערד׳ס בויך אָנגעגאָסן מיט שפּראָצן, מיט פרוכט.

האָט זיך ס׳פּאָנעם פון ערד צעבליט גרין,
האָבן זיך הימלען צעבליט בלוי,
האָט זיך פרישער פלייס צעבליט רויט אין פויערשע הענט.

שמעקן טעג — מיט זון און שוויס און מי,
שמעקן נעכט — מיט לעוואָנע און ווייך און רו,
און אין בויך פון ערד אַ ניי לעבן בליט.
וואַרטן פויערן, וואַרטן שפּייכלער אויפן יאָנטעוו פון געבורט.

# קוואַל

פון די בערג שלאָגט אַ פרישער, פרישער קוואַל,
יעדן פרימאָרגן וואַשט ער אַראָפּ נאַכט-כאַלוימעס,
יעדן פאַרנאַכט וואַשט ער אַראָפּ ערד־שטויב.
גיסט דער קוואַל מיט הימל־לויטערקייט אויף לייב,
טרינקט זיך לייב אָן מיט קילן סאָד פון בערג,
מיט פרישע וואַלד־רייכעס,
מיט ווילדע סטעפּ־לידער.
ווערט דער קוואַל אַ בעכערל
פון אייגענע ברוינע הויפּנס —
פולע הויפּנס זון.
קילן זיך צוויי זונען אין פרישע עמער וואַסער,
טראָגן זיי צוויי יונגע אַקסלען
אויף קאָראָמיסלע אַהיים.

# קליידונג

ס׳פעלד אויסגעפּוצט אין גרינע זאַנגען,
די לאָנקע — אין ווייסער שאָפּענער וואָל,
ס׳וועלדל — אין בלויע וואָלקנס פון קלאָרקייט.
און איבער זיי גייסט דו אַרום
אין אַ קרוין פון זון אויפן קאָפּ
און אין מאַלכעס־הויזן פון פלאַקס.

## רעגן

די זאַנגען־ליפּלעך זענען טרוקן פון דאָרשט,
און די ערד איז צעלייגט אַ פאַרשמאַכטע,
ווי אַ שוואַנגערדיקע יונגע מאַמע.
דיינע אויגן — ווי טפילעס — גליען צו די וואָלקנס.
דיינע הענט — ווי וואַנדערער אין מידבאָר —
שטרעקן זיך צום ערשטן טראָפּן.
שוין — ס׳טראָפּנט. בראָכע טראָפּנט.

## ס׳ליד פון זריע־צייט

מיר זייען, מיר זייען, מיר זייען:
אונזער ברויט. אונזער זון. אונזער זומער.
מיר זייען־פאַרזייען דעם היינט: ס׳ברויט פון לעבן.
מיר באַהעפטן זיך מיט ערד.

מי — אונזער מי, זאָמען — אונזערע זאָמען, באַפרוכפּערט
די ערד!
מי — אונזער מי, אויפגעריכט ווּעסטו ווערן: אויפשיינען
דורך גרינע כוואַליעדיקע ברויטן אויף פעלד,
דורך געזעטיקטע אַרבעטער־ברידער אין שטאָט און דאָרף.

מיר זייען, מיר זייען, מיר זייען:
אונזער וויין. אונזער לעוואָנע. אונזער ווינטער.
מיר זייען־פאַרזייען דעם מאָרגן: וויין פון לעבן.
מיר באַהעפטן זיך מיט זון.

## רו

אין די ביינער פאַרגייט די זון פונעם טאָג.
אַ פאַרנאַכטיקע רו הילט איין אַלע גלידער.
שטום איז דער קלאַנג פון אַקער און רידל.
אַ הייליקע רו איז צעגאָסן אויף פעלד און מענטש.
דו גלעטסט די ווייסע רו אויף דער הויט פון דיין אָקס,
און איר גייט ביידע אַהיים שעפּן די רו פון נאַכט.

## סערפּ און האַמער

איבער דיינע הימלען גייט־אויף אַ יונגער סערפּ —
אַ יונגע לעוואָנע, ווי אַ קאַלע־מיידל, ליכטיקט אַראָפּ,
און איבער דיין ערד זעטיקט זיך דיין בלאַנקער סערפּ
מיט פרישע זאַפטן פון דיין מי.
האָסט אויפגעקליבן די זאַנגען פון דיין זאַטקייט
און אויסגעפלאָכטן אַ יונגן דופּטיקן סערפּ
צו באַצירן ס'שענסטע ווינקל פון דיין שטוב.
אָפּטמאָל, ווען סערפּ צעקלינגט זיך אין געזאַנג פון שניט,
בענקט זיך אויך נאָכן באַס פונעם שווערערן שטאָטישן ברודער —
דעם האַמער.

## שטאָטישער ברודער

ברודער טייערער, נאַ דיר קאַרטאָפליעס און מאַראַנצן,
און עס אונזער ערד, אונזער זון:
דאָרט איז פאַראַן אויך דיין אייגענע מי.

דיינע טעג — אייזן, שטאָל, ווערקשטאַט,
מיינע טעג — ערד, פּי, ברויט, —
אונזער גורל אָבער — איינער.

ווען מיר צוזאַמען אונזער ליכט און לעבן,
שפּינען מיר צוזאַמען אונזערביידנ'ס גורל.
שאַרפן דיינע הענט מיין אַקעראייזן,
צעקלינגט זיך אין מיין קאָסע אַ גרוס פון דיר.

ברודער שטאָטישער, מיינע היימען וואַקסן פון דיין בויען,
און די שפּייכלער פון מיין סערפּ זענען גרייט פאַר דיר.
ברודער שטאָטישער, מיינע הענט וואַרעמען זיך אין דיינע.

## פרייד

דיינע ברוינע הענט האָבן אויסגעשפּרייט אַ פרייד, —
ברויטן גאָלדיקע אויף דיין ערד,
טרויבן — לידער פון בלוטיקע — אין דיין גאָרטן,
ווייסע שאָף, וואָס צעגלעקלען זייער זאַטקייט — אויף דיין לאָנקע,
ווייסן לייוונט — ליוטערע פאַשטעס — אויף דיין ליב.
פרייען זיך דיינע טעג מיט דער געזונטער פרייד
פון דיינע הענט.

# ווייַן

אונטערן ווייסן שוים קאָכט דיין זיסער יונגער ווייַן,
דער ווייַן פון דיין זוניק־מיאיק לעבן;
ביים בוימיקן טיש אין זונפאַרגייי טרינקען אַלע ווייַן.
פּאַשעטע רואיקע רייד,
שטילער נאָענטער אָוונטשיין,
זוניק בלוט פון טרויבן.
אַלע טרינקען ווייַן און פול זענען די בעכערס:
הימל, ערד, שטילקייט.
ס'פליסן די געלייטערטע רייד פון רו,
ווי דער ווייַן פון שטילער טונקלער נאַכט.

# לעניַן אין קאָמיוגישן קלוב

פון די הימלען זינגען שטערן לידער ליכטיקע;
אַלע פענצטער ברייט און אָפן צו דער וועלט;
פאַלן לידער ליכטיקע אויף קעפּ קאָמיוגישע,
שיינען שטערן־לידער אין קאָמיוגישן געזאַנג.

בליאיק איז ס'געזאַנג פון די ברוינע ערדישע יונגען:
זאַפטן־רויש פון פרישע גאָרטן־בוימער,
קלונג פון פריידיקע בלענדיקע קאָסעס,
גלאָק פון מאָרגן־אויפשטיי און זון־פאַרגאַנג.
בליאיק איז דאָס ברוינע ערדישע געזאַנג.

איבער די קעפּ זינגט־מיט כוואַליער לעניַנ'ס שיין:
לעניַנ'ס קאָפּ מיט בלומען־קרענץ באַצירט,
זיינע טיפע אויגן קוקן קלאָר אין ווייטסטע ווייטן,
אויף זיינע בלאַסע באַקן בליט דער צוויט פון מי,
אין זיינע שטערן־קנייטשן — דוירעסדיקע כאַכמע.

אינדרויסן דערציילן וועלדער סאָוועטישע
לעניַן־געשיכטע,
און עס זינגען לעניַן
ברונים־ראָד פאַרבענקטער
און סטעפּעס אויפגעריכטע.

פון די הימלען זינגען שטערן לידער ליכטיקע —
קומען קאָמיוגן שעפּן כאָכמע פון לעניַנ'ס קוואַלן.

# טאַטע

טאַטע מיינער — בלויז אַ סימבאָל.
ווען מיין שטערן איז אויפגעגאַנגען —
האָט זיך דיין שטערן פאַרלאָשן.
אויף אַלע ווענט געזוכט דיין בילד,
אויף אַלע ביכער־טאָוולען — דיין האַנטשריפט,
אין מיינע אויגן און בלוט געזוכט — דיך.
האָב איך הענט און פיס געבלוטיקט און געקומען —
צו דיין מאַצייווע.
ליכטיק־אומעטיק האָבן וואָרעמע אויסיעס
„אברהם",
געוויינט אויף אַ שטיין.

גראָזן און דערנער האָבן געשפּראָצט פון טויטע לעבנס,
געשטראַלט און געאָוולט.
אַרום — מאַצייוועס. לעבנס. כאַלוימעס. אייביקייט.
צווישן קוואָרעם, מייסים און קליינע פאַרשניטענע קינדער
האָסטו אומרואיק געָרוט און געצאַפּלט.
געצאַפּלט אויף אייגענעם לעבן און — אויף קינדער.
מיט טרערן האָב איך געוואַשן דעם נאָמען —
אברהם —
און געפאַלן אין אַ גנמאַכט פאַר מיין שטאַם,
פאַר מיין סאָף.

טאַטע!
דיין פּאָנעם
האָב איך קיינמאָל ניט געזען.
איך זע אָבער דיין צאַאַר אין
מיינע אויגן,
איך פיל דיינע ווייטיקן אין
מיין בלוט.
אָ, טאַטע —
ווען וועלן אויגן מיינע אויפשטראַלן
פאַרן ליכט פון דיין פּאָנעם?

# מאַמע

מיינע הענט געשטרעקט,
שטילקייט געגראַבלט מיט געוויין —
ביזט אין שטוב ניט געווען.

כ׳שטרעקט מיינע הענט צו דיר.
כ׳וויין אַרויף צו דיר —
איז עמעס, ביזט אויף דער וועלט נישטאָ ?

אַן אָפּגעריסן בלעטל פון דיין צווייג,
וויין איך אויף געשטאָרבענעם צווייג.
צווייג
האָט געבליט און געגרינט —
ווי איך,
צווייג
האָט בלעטלעך געכאָלעמט,
צווייג
האָט כאַלוימעס געלעבט, —
צווייג
איז אָפּגעבראָכן פון בוים,
בלעטלעך — יעסוימים
אויף ערד צעשפּרייט.
ערגעץ אויף דער וועלט
צווישן דאָרן און בוים —
אַ שטיין.
אונטער שטיין —
אַ האַרץ.
מיין מאַמע׳ס האַרץ.
אַרום — טויט׳ס פּאַלאַץ.
איך געפּענגעניש ביי טויט —
מיין מאַמע.
יעדע נאַכט
גייט־אויף דורך שטיין
אַ ווייסער, שטילער געבעט :
פאַר קינדער פאַריאָסעמטע,
און אַ שטומע קלאָג :
פאַר טעג ניט־אויסגעלעבטע.

## אינצווייען

פון דיינע רייד שמעקט מיט צוויט, מיט וואַלד.
דיינע קרעלן —
שטראָמען ליכט
פאַלן אַראָפּ אויף מיין פּאָנעם.
כ׳זינג מיין געזאַנג צו דיינע הענט,
כ׳קוש די לעוואָנע אויף דיין געזיכט.
אויף דיינע ברעמען רוט מיין האַרץ,
אין מיין האַרצן גייט־אויף נאַכט.

## דו

אין מיין האַרצן האָסט זיך צעבליט ווייס און גרויס.
דהאָט פון מיין ליבע זיך צעצוויטעט ס׳ביימל פאַר דיין הויז.
אין מיין האַרצן האָט זיך אַ ביימל צעצוויטעט מיט זאַפט און רויז.

האָט אינעם ביימל פאַר דיין הויז מיין ליבע געבליט,
און אינעם ביימל פון מיין האַרצן אַ זומערדיקער צוויט.

## זונטיק

מירביידע אין כאַלעם פאַרוויגט,
מיר ביידע ווי די וועסנעס אויפגעגאַנגענע,
אין דיינע גלידער אַ יאָנטעוו-רו.
פון דיינע בליקן אויסגעכאַלעמטע זיבן טעג
שטראַלן אויף מיר.
מיין האַרץ מיט העלער פרייד איבערפילט —
ביים שיין פון דיינע אויגן און זונטיק־זון —
זינגט אַ ליד צו זונטיק און צו דיר.

## וועלף און טויבן

אין מיינע אויגן — וועלף:
הונגעריק און ווילד.
וועלף וואָיען, שפּרינגען...

אין מיינע אויגן — טויבן:
ווייב־שטיל, מילד.
טויבן וואָרקען, זינגען...

## הענט

מיר האָבן זיך ניט געקענט:
אונזערע הענט האָבן זיך דערקענט.
אונזערע הענט האָבן זיך געקושט אַזוי באַנג
גלייך ווי מיר וואָלטן זיך געקענט שוין לאַנג.
בלוטן אונזערע האָבן זיך פריידיק צוזאַמענגעציטערט:
אַן עכאָ פון דוירעס האָט אין זיי געפּליטערט.

## אין פּאַרק

פרילינגדיקע קינדערלעך.
גרינע ביימעלעך.
הייסע בענקשאַפטן.
בלויע באַלונען.
מיינע בליקן, ווי מיינע קודלעס האָר, פלאַטערן אַרום,
יאָגן זיך נאָך מיינע בענקשאַפטן, וואָס וועבן זיך
אין דער לופט, ווי שפּינוועב.
מיינע בענקשאַפטן פלאַטערן אין דער לופט,
ווי בלויע באַלונען.

## צום טיש

האָניק און מילך איז דיין ברויט.
מיט ווייסן טישטעך באַדעקסטו דעם טיש.
מיט ליבשאַפט באַשטראַלסטו דאָס צימער.
כ׳זעץ מיך צום טיש און בענטש
דיינע ווייסע הענט.

## ס׳ביימעלע פאַר דיין הויז

ס׳ביימעלע פאַר דיין הויז האָט זיך צעבליט,
און אין דיין האַרצן שמעקט שוין ווייסער צוויט.
כ׳האָב ליב ביימעלע־בלי און האַרצן־צוויט.
ס׳בלימעלע איז פון פרילינג באַטרונקען,
ווי איך פון דיינע זונען.
אויף ביימל האָט זיך צוויט צעבליט;
אין מיין האַרץ — מיין פרילינג צו דיר.
ווייסער צוויט אויף ביימל וועט וויאַנען,
מיין פרילינג וועט גרינען ווי אַ ליד.
ס׳ביימעלע פאַר דיין הויז האָט זיך צעבליט.

## הענט מיינע

הענט מיינע — צווייגן פון מיין גוף, צווייגן פון מיין נעשאָמע.
הענט מיינע — באַכערשע, געוואורעדיקע, זעענדיקע, הערנדיקע, פילנדיקע.

כ׳הער דאָס בונטאַרישע אויסגעשריי פון די בלאָס־בלוטיקע, פון אַר־בעט־פאַרטעמפּטע הענט פון מיינע שוועסטער; כ׳פיל דעם גלי־דורשטיקן רוף פון זייערע פינגער און כ׳פיל זייער יאָנטעוו אין זונטיק־טעג פון רו און פאַרגעסן.

הענט מיינע — נעשאָמע צווייגלעך — צעטרייסלען זיך אין ווינט פונעם יונגפּרויאישן בלוטצאַפּל פון הענטלעך דאַרע, אויסגע־בענקטע, פון אַרבעט — טויזנטאָדערדיקע, אויסגעצויגענע סטרו־נעס. דריקן הענט — הענטלעך אין שפּראַכלאָזן ציטער, און שאָקירט ווערן הענט מיינע פונעם דרוק פון הענט — טויב־שטומע, פּעטע, אומוויסנדיקע, הענטשקע־קאַלטע.

האַנט-באַריר — שטראָמען כוואַליעס פון דעם וואָס האָט נאָך קיין נאָמען ניט איבער אַלע ווינקעלעך פון מיין איך.

האַנט-דרוק — נעשאָמע־צונויפגוס. וויפיל פרייד, וויפיל גליק זיינען איינגעזאַמלט אין זיקאָרן פון מיינע פינגער — די צווייגלעך פון מיינע הענט, וויפיל ציטערדיקע פרייד, מיינע און פרעמדע, מיין — געוואָרענע. וויפיל טרויער און ווייַ פון הענט אויסגע־האָרעוועטע, ליבנדע, אויסגעשטרעקטע — נאָך אַ האַנט.

הענט מיינע — עקספּרעסיע פון מיינע באַגערן, מיין שפּראַך מיט פרעמדשפּראַכיקע. פינגער מיינע — קלאַנגען פון מיין ווערטער־לאָזער שפּראַך. לייג איך צו ד י י נ ע הענט צו מיינע ליפּן, קוש איך דיינע הענט — מיט מיינע.

# דו — ווײַנגאָרטנדיקע

.1

זינגט יעדער גליד דײַנער אין קליידל־בויג,
כאַפּט-אויף מײַן יעדער בלוט־טראָפּן דאָס געזאַנג —
ווערט קלאַנג פון בלוט און גליד איין שירע.

ציען זיך אויף דיר אַלע רייץ־פּאַלדן צו איין קישעף,
ווי די ווילדע וואַסערלעך צו איין געווירבל —
ציען זיך אַלע מײַנע בלוט־אָדערלעך צו דײַן קישעף.

.2

דו — אַ צײַטיקע, אין פּרוכטן,
דו — אַ צאַרטע, אין בליטן,
לעבן מײַנס — גרין-אַרויסגעשפּראָצטע טרויבעלעך.
האָב איך זיי דיר געבראַכט אַ מאַטאָנע.

לעבן מײַנס — שוימיק־שטאַרקער ווײַן.
ברענג איך עס דיר אַ מאַטאָנע.

.3

מײַן נעשאָמע — ליד פון מײַן ליבע,
מײַן ליבע — רויזן פון מײַן בלוט,
מײַן בלוט — פּייער פון מײַן יוגנט,
מײַן יוגנט — קרוין פון מײַן ליד,
מײַן ליד — ד י י ן שײַנקייט. דײַנס.
מײַן ליד — דיר אַ מאַטאָנע.

# זונען

כ׳ווייס : טיף אין מײַן האַרצן זײַנען זונען באַגראָבן.
זונען זענען מיט נעפּל פאַרהילט.
כ׳וועל רײַסן נעפּל ביז כ׳וועל אים צערייסן
און זונען קלאָרע פון נעפּל באַפרייען.

## אויגן מיינע

ציטנוויז ברענען מיינע אויגן
מיט אַ פרעמדן פייער.
טאַיווע ברענט אין זיי.
מענטשן קוקן, שטוינען...

אַ טרויער־נעפּל:
צאַר פון איך — מענטש — וועלט ווײנט אין זיי.
אָפט זינגען אויגן מיינע אַ שיקערדיק ליד:
ווײן פון ווילדע לוסטן שפּילט אין זיי.

היינט לייכטן מיינע אויגן
ווי אַ יאָרצייט־ליכט
נאָך אַ יונג־פאַרשטאָרבענער נעשאָמע.

## מיט די בערג

רייד און ריטשקעלעך, לייבער און בוימער —
שפּילעוודיק, בויגיק,
רייד און ריטשקעלעך — טוקן זיך, צוקן זיך,
לייבער און בוימער — גליען אין לייבער און בוימער אויפצובליען.
ערד — גרין, הימל — בלוי, מיידל־אויגן — שוואַרץ,
גאַרבן פאַרבן מאָלן וועלט.
בערג — ריזן, שטיבלעך אין די שויסן.
שאָף און פאַסטוכער ווי קליינע קינדער
האַלטן אָפן מויל און אויגן אויף וועלט׳ס וואונדער.
בערג אוראַלטע, שטומע־קאַלטע, שטאָלץ און סוידעסדיק.
אין די ביינער — שטיינער.
וואַקסט גראָז פון שטיין אַרויס.
שטיינער בליען אויך.
שטיינער גיסן־פליסן יונגבלוט און בליאונג,
צעציטערן־צעשפּליטערן געדאַנקען־געזאַנגען.
ווערן שטיין און גראָז און באַרג און טייך:
איינס.

# דאָס ליד פון ראַשיליאַ מאַיאַנאַ

.1

פרילינג איז אין מיר.
פייגעלעך טשיריקן פון מיינע צווייגלעך.
לעבן מיינס אין מיינע אָדערן
טאַנצט מיט שטראָמען פרייד
איבער כוואַליעס זון.
מיינע בלימעלעך וואַכן־אויף, בליען-אויף —
זאָגן שירע.

זומער איז אין מיר.
בלימעלעך — צעעפנט. צעצוויטעט.
בלימעלעך וואַרטן אויף הענט און ברוסט.
הענט וועלן נעמען.
ברוסט וועט צוטוליען.

.2

פון זון און ווינט,
פון בערג און טייכן
מיין גוף׳ס פּאַרפיום.
מיט פרייד פון וואַלד־גראָזן,
מיט גלי פון זומער
שיינט מיין בעט.

.3

איך זע אים מיט מיינע געדאַנקען.
איך קוש אים מיט מיינע יאָרן אין מיר.
איך רוף זיין אומבאַקאַנטן נאָמען.
די וועגן און וועלדער,
די ווינטן און וואַלקנס
זינגען זיין נאָמען.
אָן ווערטער — מיין ליד.
פול פרייד — זיינע טריט.

.4

אין מיינע הימלען שטערן כ׳וועל אַנצינדן.
אין מיין צימער — דעם לאָמפּ.
אין מיינע אויגן — מיין בענקשאַפט־פלאַם.

ליכטיק וועט זיין זיין אָנקום —
מיין אויפקום.
מיט מיין זיידן קלייד כ'וועל אָפּווישן
שטויב פון זיינע פיס,
מיט מיינע ווייסע ליליען-הענט —
שטויב פון זיינע אַרבעט־טעג.

.5

אָסיען וועט קומען.
מיין ליד וועט פאַרגיין.
מיינע בלעטער וועלן פאַלן.
מיינע בריסטן — רויזן — וויאַנען.
מיין פרייד וועט שטאַרבן.
מיין לעבן — זיך פאַרלעשן.
מיין ליבע־בעט — מיין טויטנבעטל זיין.
זון וועט לויכטן. בערג וועלן שווייגן.

# כ'האָב אַמאָל באַזונגען מיינע הענט

כ'האָב אַמאָל באַזונגען מיינע הענט,
אַמאָל גייט־אויף אויף אויגן מיינע
מיינע זינדיקע זינגענדיקע הענט,
וואָס שפּילן-אויס ווי פידלען מיינע גלוסטונגען
איבער רונדע מיידלשע גלידער.

כ'האָב אַמאָל באַזונגען מיינע הענט,
וואָס צעפלאַטערן זיך ווי די צאַרטסטע סטרונעס
פונעם איידלסטן אַנריר פון עמיצנ'ס נעשאָמע,
און וואָס דורשטן נאָך בלומיק־האַרציקע פריינטשאַפטן,
ווי די ציטערדיקע גרעזלעך נאָכן באַריר פון ווינטל.

איצט, אָ איצט, ווער וועט באַזינגען
דעם שטילן אומעט פון הונגעריקע הענט,
וואָס האָבן אויסגעשפּילט אַזויפיל צאַרטע־רויע הונגער-לידער
אויף לייב פון ווייב און מיידל,
און וואָס שרייען ניט־געזעטיקטע אויף גאַסנראָגן,
וואָס זיינען אַזוי פול און זאַט מיט ווייב און מיידל.

# נאָך אַ פּאָגראָם

וועגן וויסטע האָבן געשוואַרצט און געקרעכצט פון קראָען,
קראָען האָבן טויטן־מאַלצייט געפּראַוועט,
שטאָט — אַ טויטע, מיט אויגן פאַרלאָשענע, אין שרעק
פאַרגליווערטע.

ווער וועט נאָך דער טויטער שטאָט קריע רייסן,
זי צו קוואורע ברענגען ?

דאָס הויז איז ליידיק,
שוואַרצע אויגן־לעכער טרויערן,
שטומען ווענט באַליידיקטע,
פאַרסטאַרטשעט אויף דער וואַנט דער זייגער,
פון די אַלטע טויטע לייט אויף די ווענט קאַפּען טרערן אַראָפּ,
שרייט מיין ווייטיק אויס : ראָכעלע ! מיין ראָכעלע !
פאַלן טרערן פון מיין קאָל אויפן האַרטן דיל.
שרייט־אויס שטוב אַ געשענדעטע : ראָכעלע ! מיין ראָכעלע !
לויף איך אַראָפּ אין קעלער. אַ שוואַרצער פייער פלאַטערט,
ביכער ברענען,
זוכט מיין פאַרלוירנקייט אין קעלער־פּוסטקייט: ראָכעלע! מיין ראָכעלע!
ענטפערט אַ קאָל צוריק מיט געיאָמער : ראָכעלע !
בלאָנדזשעט אַ געוויין אין טויטער ליידיקייט פון נאַכט :
ראָכעלע! מיין ראָכעלע!

## צו אַן אומבאַקאַנטער

מיט פינקלדיקן טרויער פון בענקשאַפט
האָב איך געטרונקען דיינע אויגן מיט מיינע.
דיינע אויגן האָבן געמאָנט און געזונגען,
דיינע אויגן האָבן אין מיר מיין צאַאַר, ווי גלאָקן, צעקלונגען.

## קינדער־יאָר

ווי אַ גאָלדענער סנאָפּ איז געפאַלן אַ מידער מיין קאָפּ.
און די גאַסן קלינגען מיט אַ שפּילעוודיקן קינדער־כאָר.
אויף מיינע לאָקן האָט זיך די זון געשפּילט און פאַרגאַן.
און די גאַסן שפּילן־אויף מיינע זוניקע קינדער־יאָר.

מיין קאָפּ האָט אויפגעלויכטן צום געזאַנג אויף די גאַסן.
קינדערישע פריידן האָבן איינגעשטילט די גאַסן,
מיין קאָפּ האָט אויפגעלויכטן צום געזאַנג אויף די גאַסן.
מיינע קינדער־יאָר זיינען אַוועק טאַנצן אויף די גאַסן,
מיין קאָפּ ד־האָט געשטראַלט, ווי די קינדער אויף די גאַסן.

# אינהאַלט:

